# אינהאַלט

## פון מענטש צו מענטש

I.



II.

זייט

## I

מיט אַ פּיינעם פּראַזנפּראַנז. איך האָב געטראָטן דיין שענסטע ערד מיט מיינע פיס, אַ גאָט. אָבער נישט איך בין דערפון שטאָלצער געוואָרן. נישט דיין ערד שפּלדיקער. איך האָב מיינע ווינטוויזיען אַריבער דיינע שטערן געוואָרפן ווי אַן אָקסנפּאַנגער וואַרפט זיין שטריק. אָבער פון דעם געפֿאַנגענעם ווער איך צוגעהאַלטן געפאַנגען און אומגעפער ווי אין אַ שעקספּירישער דראַמע. אַ פּיסל פון אַ מויז. אַ האַרץ פון אַ שווין. אַ טראָפּן רחמנות. אַן עקלדיק אַרומדרייען זיך אויף דער באַשטימטער קאַרוסעלע. דערנאָך די צוקאָפּן־ליכט. דער פייערלעכער קדיש. דאָס נישטווערן, וואָס איז ריינגענד ווי קאַסקאַראַ סאַגראַדאַ. און דו און זי און יענער און דער איר בלייבט. די ברענענדיקע אויסגייענדיקע ליכט צום יאָרצייט פון אַלע געשטאָרבענע. די אַרומגייענדיקע מצבות אויף קברים פאַרגעסענע. אָבער די צייט צעפרעסט אייך מיט אירע געלע ציין צעברעקלט אייך מאַכט צוריק צו זאַמד צו שטויב. ווי לוסטיק מיינע אַרטיקלען זענען. האַהאַ געטרייער לעזער.

## II

עפּעס מוז דאָך זיין נאָכן טויט וואָס איז נישטלעבן. אַ סופיקע פינסטערקייט. אַן אָפּרו אין וועלכער אַלצדינק איז אויסגעלאָשן. אַנטשטורמט. עס קאָן דאָך נישט זיין קיין לעבן נאָכן לעבן. פונקט ווי עס איז נישטאָ קיין וויסטעניש אַקוראַט נאָך דעם ווי די וויסטעניש ענדיקט זיך. און ווידער דאָס לעבן איז אַן אַרבעט און מ׳קאָן דאָך נישט באַלוינען מיט אַרבעט פאַר אַרבעט. דער גאָלדשפינער אפילו ווערט דאָך נישט באַלוינט מיט מער גאָלדשפינעריי. דער פערלפישער ווערט דאָך נישט באַלוינט מיט אַראָפּלאָזן זיך אין אָפּגרונט אריין. דאָס לעבן קען נישט באַלוינט ווערן מיט לעבן אויב עס פאַרדינט אַ

באַלוינונג, עס קען נישט באַשטראָפט ווערן מיט לעבן אויב עס פאַרדינט אַ שטראָף. אַ לעבן נאָכן טויט איז נאָר מעגלעך אויב ס'איז נישטאָ קיין האַנט וואָס זאָל וועגן און מעסטן באַלוינען און באַשטראָפן. אין אַזאַ פאַל איז אָבער נישטאָ ווער עס זאָל אויסטיילן דאָס ווייטערדיקע לעבן. נישטאָ אויף וואָס אוועקצושטעלן ס'ליכט וואָס האָט אויסגעזען צו זיין פאַרלאָשן אין גרויען ווינט און וואָס קען פונדעסטוועגן זיין אַז עס ברענט ווייטער שטילערהייט נאָר מיר זעען עס ניט.

## III

די נאַכט האָט אויסגעברענט. איר גרין גרוי אַש איז געפאַלן אויף מיין חלום. די אויסגעברענטע לבנה ווי אַ שטיק פאַפיר פון אַ קינדער-קרוין האָט אירע שפּורן איבערגעלאָזט אין אַ וועלט פון עלפאַנטביין, גאָלד און לאַנגווייליע. איך דאַרף נאָר אַ ווייַ טון דאַרויף מיט מיין אָטעם און עס וועט פאַרלוירן גיין. קיין סימן וועט נישט בלייבן פון דער נעכטיקער לבנה וואָס האָט אַזוי הויך און שטאָלץ און העראָיש געברענט אויף מיין נעכטיקן הימל. די שטערן זענען צעריבן אויף ווייסן מעל און די געטער גייען אַרום באָרפיס און עסן דאָס ביטער געשמאַקע שטערנברויט און ווערן דערפון געזונט און פעט. און איינער אַן אַלטער גאָט וואָס האָט זיך איבערגעגעסן מיט דעם ברויט וואָס איז געמאַכט פון צעמאָלענע אוניווערזומס גייט אַרום מיט דריי גוידערס. און יעדער גוידער איז אַ וועלט פאַר זיך. און אויף יעדן גוידער ווינען טויזנט מיליאָן מענטשן-קינדער און שאָקלען זיך צום טאַקט פון אַ יעדן געזעץ פון דער איבערזאַטער גאָטהייט. די נאַכט האָט אויסגעברענט. אויף מיין נשמה ליגט דאָס בלייכע אַש פון אויסגעברענטע חלומות און איך האָב מורא עס אַראָפּצולאָזן.

## *IV*

אַ טויטער בוים. שטאָלץ אויסגעפּוצט. רײנער פון אַלע אַנדערע בוימער. נעט. שטיל. שטײף. אָבער אַזוי אומדערהערט טויט. די אַנדערע בוימער רוישן. מאַכן אַ טומל. פירן זיך נישט גוט אויף. שפּילן אַ ליבע מיט זייערע אייגענע שאָטנס. לאַכן אין דער הויך. בייזערן זיך. רעדן גראָבע הויכשטורמדיקע ווינטיקע רייד. דער טויטער אויסגעפּוצטער בוים קוקט זיי אָן אַזוי ערנסט. פאַרשטייט נישט וואָס זיי רוישן אַזוי. וואָס זיי לאָזן נישט שלאָפן. דערצײלט דעם טויטן בוים אַז לעבעדיקע בוימער האָבן זאַפט אין די אָדערן וואָס צעשפּילט זיך ווי ווײן און שיכּורט אָן דאָס האַרץ. זיי מוזן רעדן. פלוידערן. טומלען. שרייען. זינגען. צאַפּלען זיך. דער טויטער בוים וועט עס נישט פאַרשטיין. דערפאַר ווייל ער איז אַלט און פאַרטריקנט און אָפּגעשטאָרבן. אַך ווי ש ר ע ק ל ע ך  אָ פּ ג ע ש ט אָ ר ב ן. דער טויטער בוים איז מײנער אַ שכן.

## *V*

איך האָב נעכטן אַ קוק געטון אין אַזוינע מין שפּיגלען וואָס ווייזן אייך אייער פיגור פון ביידע זייטן. פון פאָרנט און פון הינטן. איך האָב דערזען עפּעס אַ פרעמדן מענטש מיט אַ ראַזירטן קאַרק וואָס גייט מיר נאָך שטילערהייט אויף שריט און טריט. און עפּעס אַ ברייטע פּלייצע וואָס איז מיר דורכויס פרעמד און פאַרלייקנט אינגאַנצן מיין שיינע אינטערעסאַנטע פאָרנטיקייט. ווער ווייסט וואָס פאַר אַ שפּראַך מיין פּלייצע רעדט הינטער מיר. אפשר פון אונטערטעניקייט. פון געבויגנקייט. און דער ראַזירטער קאַרק אויף יענער זייט פון מיין פאַרשווינלעכקייט צי נאַרט ער נישט אָפּ זיין באַלעבאָס וואָס קאָן אויף אים נישט האַלטן קיין אויג. צי פאַרלייקנט ער נישט די רויזן-רייד וואָס בליען פון מיינע ליפּן אַרונטער. צי באַטריגט ער נישט מיין אינטעליגענט פאָדערדיק אויסזען. צי שרייט

ער נישט די פֿאַרבייגייער אויפֿן אויער אַז זיין באַלעבאָס איז אַ געפֿערלעכער מענטש און מ'דאַרף זיך פֿאַר אים היטן. איך האָב געקוקט אין די שפּיגלען אויף דער אומבאַקאַנטער העלפֿט פֿון מיין קעניגרייך און זיך געאומעטיקט. ווער ווייס. ווער ווייס וואָס פֿאַר אַן איינדרוק מיין יענע זייט מאַכט אויף מענטשן. און וואָס שלעפּ איך מיך אַרום מיט אַ פּאָר ברייטע פּלייצעס וואָס איך קען זיי נישט און ווייס זיי נישט. און וואָס! האָט צו מיר דער פֿרעמדער נישט שיינער נאַקן. וואָס טרעט ער נישט אָפּ פֿון מיין געשטאַלט. און פֿאַר וואָס זידלט ער מיך הינטער די אויגן און פֿאַרפֿלעקט מיין גוטן נאָמען אַלס זשענטלמאַן.

## VI

דעם שוואַרצן צוויבערשטעקן אַהער ברודער זכריה. עס איז ווינטער ערגעץ אין אַ פֿאַרוואָרפֿן לאַנד אין וועלכן איך האָב מיך אַריינגעשלאָפּן מיט דער הילף פֿון אַ ליולקע אָפּיום. אַ קליינע פֿינסטערע שטוב מיט שווער־שוואַרצע פֿאָרהאַנגען ביי די פֿענסטער. עס וויינען עלף־טויזנט ווינטן און גייען אַ טאַנץ. אַ הויכער שד האַלט דעם קוימען אויף די ליפּן און פּייפֿט אויף אים אייס עפּעס אַ לידל. אין אַ שטיינוואַזע ברענט ווייַרויך. איך גיי אַרום אין רויטן שלאָפֿראָק און שמייכל. דער שמייכל ווערט באַלד געפֿרוירן, פֿאַלט אַראָפּ אויפֿן דיל. ס'וויסטע געצעלט איז פֿול מיט מיינע פֿאַרפֿרוירענע שמייכלען וואָס צאַפּלען זיך ווי ווייסע שלאַנגען. ס'איז קאַלט. פֿרעמד. פֿאַר־הייב איך אַביסל די פֿאָרהאַנגען זע איך די וויטקייטן פֿון אַלע וועלטן צונויפֿגעוואָרפֿן ערגעץ אין אַ באַרג־ווינקל קעגן וועלכן עס שטייט אַ וואַנט פֿון שנאה. ווערט מיר זיס־אומעטיק ווי פֿון קאַלטן פֿריקרען וויין. נעם איך די שוואַרצע שיסלען וואָס שטייען נעבן מיר אויפֿן דיל און שיט אַהין אַריין די בלויע בריליאַנטן פֿונם זאַק. די בלויע פֿייערן ברענען און גיבן זיך אַרויס אַ בריליאַנטענע וואַרעמקייט. אַ בלויער רויך

הייבט אָן צו גיין פון די שיסלען מיט בריליאַנטן און כ׳שטיי
און אָטעם איין דעם רויך פון דו בריליאַנט=פייערן און כ׳וואַרעם
מיר די הענט מיט די פיס. און אַז סע קומט ביינאַכט נעם איך
אַ שופעל מיט בריליאַנטן און גיב עס אַ וואָרף אין אויוון
אַריין. די איבעריקע פייערשטיינער צעוואַרף איך איבער דער
שוואַרצער שטוב און זיי ברענען און ברענען. אַזוי אומעטיק
אַזוי פרעמד. אַזוי לעגענדאַריש. ווי די געוויינלעכסטע רגעס פון
מיין לעבן וואָס זענען אַזוי בלוי. אַזוי פרעמד. אַזוי וווּנדערבאַר

## VII

ביי אַנדערע ליגט די ליבשאַפט ריין און ווייס און קאַלט
און יונגפרוילעך. דאָס איז די נישטגענוצטע ליבשאַפט, די ליב=
שאַפט וואָס פאַרשווענדט זיך נישט. דאָס איז די סטעריליזירטע
ליבשאַפט וואָס בלייבט אייביק שיין. אייביק יונג. אייביק פריש.
אייביק קאַלט. דאָס איז די ווייסע די שנייאיקע ליבשאַפט. דאָס
איז די ליבשאַפט פון דעם פראָסט וואָס קושט דאָס שטייענדיקע
וואַסער און פאַרדעקט עס. דאָס איז די ליבשאַפט פון אַ ווייס
פעניצל לבנה וואָס פאַלט אויף אַ באַרג פון קאַלכשטיינער. ווייס
קעגן ווייס. גאָרנישט קעגן גאָרנישט. מיינע איז די ליבשאַפט
וואָס ברענט ווי אַן אָנגעגליט אייזן. מיינע איז די ליבשאַפט וואָס
פרעסט פייער און יאָמערט און וויינט אונטער דעם האַמער. וואָס זשיפּעט
דורך פייער און שילט דורך וואַסער. מיינע איז די ליבשאַפט וואָס פו=
רעמט זיך אויס און ווערט קיל און זשאַווערדיק און געפערלעך. מיינע
איז די וווּנדערלעכע ליבשאַפט וואָס האָט זיך אין טויזנט פייערן אויס=
געברענט און איז ווי אַ סאַלאַמאַנדרא פון אַש אַרויסגעקראָכן.
און צום טויזנטסטן מאָל געוואָרן לעבעדיק און געפערלעך. מיי=
נע איז די טאָפּלזייטיקע ליבשאַפט וואָס קאָן באַנוצט ווערן אויף
צו ליבן אַזוי גוט ווי צו האַסן.

## VIII

די אַרבעטער. אַלצדינג פאַרלאַפן זיי. ווי איר גייט זיך אַ

קער זענען זיי דאָ. די וועלט איז פול מיט די אָפּגעריסענע שלעפּערס. זיי צעשפּרייטן זיך אַלץ ווייטער און ווייטער איבער דער ערד־קוגל. פאַר דעם פיינעם פאַר דעם לייטישן פאַר דעם נישטאַרבעטנדן מענטש מיט דעם אַריסטאָקראַטישן בלוט איז שוין באַלד נישטאָ קיין אָרט. ווו איר גייט און ווו איר שטייט טרעפט איר אַרבעטער. זיי פאַרכאַפּן אַלע ערטער אויף דר׳ערד און אונטער דר׳ערד און דער אַריסטאָקראַט דער עקסקלוזיווער מענטש מיט דעם הויכן קאַפּעליוש מוז שטיין און צוקוקן. באַטראַכט נאָר. אַלע בעסטע ערטער אין די קוילנמינען זענען פאַרכאַפּט פון אַרבעטער. אַלע הויכע דעכער פון נישט־געענדיקטע געביידעס זענען פאַרכאַפּט פון אַרבעטער. אַלע אייזנפאַבריקן זענען פול מיט זיי. און אַפילו אויף די שלאַכט־פעלדער ווו מען באַשעפטיקט זיך מיט פאַבריצירן הייסע פאָטערלאַנדסליבע פאַרן שונא געפינט זיך אויך אַ ריזיקע צאָל אַרבעטער. און אַפילו די מעדאַלפאַבריקן זענען פול מיט פּשוטע אַרבעטער. מיט שלעפּערס. אומעטום זענען זיי דאָ. ווו איר וואַרפט אַ בליק נאָר אַרבעטער און אַרבעטער. אין די אונטערערדישע באַנען. אין די שוועבלפאַבריקן. אויף די פעלדער. אויף די שפּיצן פון די העכסטע געביידעס. אויף די שיפן און אונטער די שיפן. אַפילו אויף די נאָך נישט געענדיקטע בריקן קריכן זיי אַרום. אַפילו אין די קאַנאַלן און רינשטאָקן געפינען זיי זיך. אומעטום אומעטום נאָר אַרבעטער און אַרבעטער. און אַם בעסטן ווען דו ליגסט אַוועק דיין קאָפּ אויף די זיידענע קישנס און דו ווילסט שלאָפן קלינגט ער ערגעץ מיטן האַמער אָדער ער טומלט מיט דער האַק אָדער ער עגבערט מיטן עגבויער אָדער ער פאַלט אַראָפּ פון אַ הויכער געביידע און לאָזט אַרויס אַ נישט ראַפינירטן געשריי. אַן עקלהאַפטע באַנדע די אַרבעטער.

## *IX*

דאָס לעבן איז ווייניקער ווי אַן אייזקאַסטן. ווייניקער ווי

אַ בעט. ווייניקער ווי אַ ביכערשראַנק. ווייניקער ווי אַ זומער־
שפּרינקעלע אויפֿן פּנים. אַ בעט אָדער אַ זומערשפּרינקעלע קען
מען נישט פֿאַרלירן אָבער דאָס לעבן קען מען פֿאַרלירן ביי יע־
דער געלעגנהייט. דאָס לעבן איז ווייניקער ווי אַ מעשענער שליסל.
ווייניקער ווי אַ שטעקן. ווייניקער ווי אַ קידוש־גלעזל. אַ שליסל
אָדער אַ קידוש־גלעזל קען געדויערן אַ האַלבע אייביקייט אָבער
דאָס מענטשלעכע לעבן קען געדויערן בלויז אַכציק אָדער ניינ־
ציק יאָר. דאָס לעבן איז קלענער ווי אַ טראָפּן סם. שטומפּיקער
ווי דער שפּיץ פֿון אַ פֿאַרזשאַווערטן קינזשאַל. לייכטער ווי אַ
שטריק וואָס מ'קאָן אַנטון אויפֿן האַלז. שוואַכער ווי דער פּולס.
פֿאַרגענגלעכער ווי כּל נדרי. דאָס וווּנדערבאַרע לעבן.

*X*

איך גיי אויף יעדן טאָג אינאיינעם מיט דער הערלעכער
זון וואָס גייט אויף מיט פּראַכט און גלאַנץ. און איך גיי אונ־
טער יעדן פֿאַרנאַכט מיט דערזעלבער זון וואָס גייט אונטער אַזוי
סצעניש. אַזוי גוואַלדיק. איך גיי אויף יעדע נאַכט צוגלייך מיטן
ערשטן שטערן אויפֿן הימל און איך לעש מיך אויס יעדן אינ־
דערפֿרי אינאיינעם מיטן לעצטן שטערן. איך בין דער טאָג. איך
בין די נאַכט. איך בין דער בין השמשות. איך גיי אויף און
איך גיי אונטער אַזוי אומערמידלעך. און דער נעכטיקער
שרייבער פֿון אָט־די־אָ שורות איז שוין נישטאָ. ער
איז שוין אונטערגעגאַנגען ערגעץ הינטער די בערג. מ'ווייסט
נישט ווו. און דאָס איז מיר אַזאַ שאָד ווייל דער נעכטיקער
שרייבער פֿון אָט־די־אָ שורות איז דאָך געווען אַזאַ
יינגער מענטש און ער האָט דאָך נאָך גאָרנישט געלעבט אויף
דער וועלט. און דער הייַנטיקער שרייבער פֿון אָט־
די־אָ שורות גייט שוין אויך באַלד אונטער. און באַלד מוז
ער שוין ווידער אויפֿגיין אויפֿס ניי. און הינטער דיר ליגט
אַ גאַנצער הימל מיט אויסגעלאָשענע שטערן. מיט אונטערגעגאַנגענע
זונען. און דו מוזט פֿינקלען איבער זייער גראַנדיעזן אונטערגאַנג.
דאָס וווּנדערבאַרע לעבן.

## *XI*

דער מענטש. די גוואַלדיקע ערפינדונג פון דער גאָטהייט. דער מענטש וואָס מאַכט שמוציק די ערד מיט זיינע פיס. רייבט אויס דעם הימל מיט זיינע אויגן. פאַרבלוטיקט די שוועלן פון גן־עדן מיט זיינע ווונדיקע פיס. דער מענטש. ד י א י ד ע ע. ד ע ר ע נ ד צ י ל. גאָטס העכסטער שטאַפּל צו זיין אייגענער גרויסקייט. די לייטער אויף וועלכער די גאָטהייט קריכט אַרויף כּדי צו קאָנען זיך אַ קוש טון אין שטערן און זאָגן אַז ס׳איז אויסגעצייכנט. די הייזער זענען קויטיק מיט מענטשן. די פעלדער זענען באַפלעקט מיט מענטשן. די בערג זענען פאַרגרינט מיט מענטשן. דער ים איז אַרומגעבּרעגעוועט מיט מענטשן. מענטשן. מענטשן אומעטום. דער גאַנצער ערד־קוגל איז פאַרפּרישטשעט מיט מענטשן. די געדערים פון דער וועלט זענען פול מיט מענטשן־מיסט. מיט מיסטמענטשן. די גאַנצע וועלט ליידט פון מענטשן. די מענטשן אַליין ליידן פון זיך אַליין.

## *XII*

איך בין אַזוי גוט צו מיר. אַלע פאַרנאַכט נעם איך מיך אַרויס אויף אַ שפּאַציר. איך טראַקטיר מיך מיט באָנבאָנעס. איך מאַך מיר קאָמפּלימענטן. איך דריק מיך צו צום האַרץ. פונדעסט־וועגן לייד איך אַזוי שטאַרק פון מיר אַליין. קאָן איך פון מיר כּמעט נישט אויסהאַלטן. אַלע אינדערפרי מוז איך אַריינוואַרפן די פיס אין צוויי לייוועגטענע תּפיסות. אַלע עטלעכע שעה מוז איך מיר גיסן וואַסער אין האַלז אַריין און געבן די ציין עפּעס צו טון. אַלע ביינאַכט מוז איך מיך אַוועקטראָגן אין אַן איינ־געמויערט שטיקל דרויסן און זיך לייגן שלאָפן. עס איז אַ זאַ אָנשטרענגונג מיינע ברידער. און ביז איך טו מיך אָן און גיס אָפּ נעגלוואַסער און קנאַק מיר אויס די ביינער און דאַוון אָפּ עטלעכע קאַפּיטלעך מאַרגנבלאַט בין איך שוין ווידער מ י ד און

איך מוז מיך שוין ווידער אַוועקטראָגן אין אַ ווינקל און אַכטונג געבן אַז קיינער זאָל מיך נישט אויפוועקן. אַך ווי איך לייד פון מיר אַליין. און אַך ווי עס זעט זיך נישט אַרויס איך זאָל מיר ווען עס איז גרינגער ווערן.

## *XIII*

מיר גייען דורך קרומע וועגן צו גלייכהייט. אפשר איז דאָס גלייך אַזוי. און אפשר נישט. קיינער ווייס נישט. אַפילו די וואָס שרייבן לייט-אַרטיקלען. און זיי ווייסן דאָך אַלצדינג. ברידער מיינע. דורך אומפרייע וועגן ווילט איר צו פרייהייט דערגיין. דורך נישטברידערלעכע מידות ווילט איר די וועלט-ברידערלעכקייט דערגרייכן. אַ שוועסטער מיינע בלאָנדע און ברונעטע. אַ ברידער מיינע ראַזירטע און בערדיקע.

## *XIV*

איר זענט דאָך געלערנטע מענטשן און איר ווייסט, אַז די סאָציאַליסטן גלויבן אין דער צענטראַליזאַציע פון קאַפּיטאַל. זיי האַלטן אַז ווען קאַפּיטאַל וועט זיין אָנגעזאַמלט אויף איין פונקט וועט זיין לייכטער אים צו באַזיגן. דיזעלבע טעאָרעטיקער גלייבן אַז ס'איז אַ סך בעסער צו האָבן איין גרויסן שונא ווי אַ מיליאָן קליינע שונאימלעך. פונדעסטוועגן גלייבן די זעלבע מענטשן אַז יעדעס לאַנד דאַרף באַהערשט ווערן פון אַ באַזונדערן מענטש אָדער פון אַ באַזונדערער צאָל מענטשן. זיי האַלטן נישט אַז מ'דאַרף לאָזן איין מדינה דייטשלאַנד צומביישפּיל באַהערשן די גאַנצע וועלט כדי די וועלט-הערשאַפט זאָל צענטראַליזירט ווערן און עס זאָל דערנאָכדעם זיין גרינגער זי צו באַזיגן. אַזוינע נאַראָנים זענען זיי נישט. זיי גלייבן נאָר אין דער צענטראַליזירונג פון קאַפּיטאַל אָבער נישט אין דער צענטראַליזירונג פון מאַכט. קיין אָנשטענדיקער סאָציאַליסט וועט אייך נישט זאָגן אַז ס'איז גלייכער צו לאָזן קייזער

ווילהעלם באַהערשן די וועלט א י י נ ע ר אַ ל י י ן איידער צו האָבן עטלעכע הונדערט באַזונדערע וועלט=רעגירער. דערפון קאָן מען זען אַז ס'איז זייער א ו מ ל אָ ג י ש צו דערפירן אַ געדאַנק ביז צום ל אָ ג י ש ן פונקט.

## XV

לעגענדע. אַז גאָט האָט באַשאַפן דעם הימל האָט ער געזען אַז ס'איז גוט. דאַן האָט ער באַשאַפן די ערד און האָט געזען אַז ס'איז גוט. דאַן האָט ער די ערד באַגראָזט און ער האָט געזען אַז ס'איז גוט. דאַן האָט ער באַשאַפן טאָג און נאַכט און ער האָט געזען אַז ס'איז גוט. דאַן האָט ער באַשאַפן די באַשעפענישן וואָס ווידמען זיך אין וואַסער און ער האָט געזען אַז ס'איז גוט. דאַן האָט ער באַשאַפן די חיות וואָס ווידמען זיך אויף דר'ערד און ער האָט געזען אַז ס'איז גוט. דאַן האָט ער באַשאַפן דעם מענטש אין זיין אייגן געטלעך געשטאַלט און ער האָט כ ל ו מ ר ש ט געזען אַז ס'איז גוט. נאָר אַז ער האָט אַ קוק געטון אויף דער אָ פ ש פ י ג ל ו נ ג פ ו ן ז י י ן ג ע ש ט אַ ל ט וואָס איז אַרומגעגאַנגען אין גן-עדן און געגענעצט און זיך געקראַצט הינטערן אויער האָט זיך דער הערגאָט שרעקלעך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין און האָט אויפגעהערט צו אַרבעטן. יעהאָוואַ האָט ווידער אַ קוק געטון אויף דעם מענטש און האָט געטראַכט אַז אָדער ער איז אַ שלעכטער שפיגל-מאַכער אָדער ער האָט זייער אַ נאַריש פנים. אין ביידע פאַלן איז בעסער ער זאָל זיך איינשליסן אין הימל און פאַרוואַרפן דעם שליסל. און פון דעמאָלט אָן איז דער הערגאָט פאַרבליבן אין הימל. אָן חשק צו אַרבעטן און אָן ווילן צו אַ נ ט אַ ר ב ע ט ן דאָס אָנגעאַרבעטע.

## XVI

איך בין די בייטש וואָס טרייבט און פאַרפאָלגט אַלע וואָס קומען מיר אַנטקעגן. איך בין די סווישטשנדיקע בייטש וואָס לאָזט זיך אַראָפּ איבער דעם געבויגענעם רוקן פון דעם זינדער. איך בין די בייטש וואָס בלוטיקט און טוט וויי און ווען זי רירט אָן לאָזט זי איבער אייביקע צייכנס. איך בין די בייטש וואָס לאָזט זיך אַראָפּ מיט כעס איבער דעם פּנים פון דעם פרעכלינג און וואָס קנאַקט איבער דער פּלייצע פון דעם נאַרנטרייבער. איך בין די בייטש וואָס שלאָגט און האַלט אַלעמען אין שרעק. אָבער איך שלאָג קיינעם נישט אַזוי גרויזאַם ווי מיך אַליין: און ווען איך פאַרוווּנד אייער לייב ווער איך אַליין פאַרוווּנדעט. און ווען איך ווײַן מיט אַ סווישטש איבער אייער רוקן ווײַן איך איבער מײַן אייגן מזל וואָס האָט מיך באַשאַפן פאַר אַ בייטש וואָס דאַרף שלאָגן די שונאים מיט זיך אַליין. איך בין די בייטש און מיר טוט אַזוי וויי ווען איך שלאָג אייך.

## XVII

קיינמאָל איז באַ מיר נישט אַזוי זומערדיק ווי אין ווינטער־צייט. עס בליט דער פראָסט. איך זע ווונדערבאַרע זומערדיקייטן. איך זע ווי די קאַרשן בליען. ווי ווײַנשל צווייטן. די רויזן ווערן אויסגערעגנבויגנט אויף זייערע בוימלעך. פאַרזומערט איז דאָס לאַנד פון מײַן ווינטערדיקן חלום. פריש און גרין איז דער אָטעם פון די בערג. יוניגאָלד הענגט ווי אַ נעץ איבער דער ערד און אונזערע חלומות צאַפּלען זיך דאָרט ווי דורכזיכטיקע פליגן. עס איז זומער. זומער אומעטום. דער עפּלבוים שמעקט און דער באַרנבוים גרויסט זיך אַרויף צו די העכסטע הימלישקייטן. דער גלעזערנער

זומעררעגן איז אַזוי ליכטיק און פונם האַרץ רייסט זיך די ליבשאַפט אַרויס און וואַרפט זיך אויף דער וואַרעמער ערד און צעשניידט זיך אָן שאַרפן ברעג פון דינעם זומערווינט. ווינטער. אויף דער ערד ליגט שוואַרצגעוואָרענער שניי, די לופט איז פייכטקאַלט. די בערג זענען עלנט און אָפּגעריסן. די ביימער זענען געלאַנגווײלט און האָפנונגסלאָז און זיי גענעצן מיט זייערע צווייגן קעגן הימל. עס איז ווינטער. דעצעמבערדיק. קורצטאָגיק. פּראָסטיק. אַ שווינדזיכטיקע זון קרענקלט אַראָפּ איר פאַרדעכטיקן שמייכל מיט אַזאַ שטערבלעכער מיוקייט. די לעצטע פליג ביי מיר אין שטוב שלאָפט אויף דעם גאַזרער נעבן פייער. די ווייסע קאַץ האָט זיך אויפגעהאָרבעט ווי אַ קעמל און רייבט זיך ביי מיינע פאַנטאָפל. דורכן פענסטער זע איך פוילע שניי-פליטער וואָס נידערן אַראָפּ ווי שטאַרבנדיקע שמעטערלינגען. מיינע באַשטעקטשיכטע פיס וואַרעמען זיך קעגן דעם אויוונפייער. מיין ליולקע רייכערט און שיט מיט פונקען ווי אַ פייערשפייענדיקער באַרג. איך זיץ און איך טראַכט זיך אַוועק אין דעם שענסטן זומערלאַנד ווו פאַזימקעס שמייכלען און מאַרעלן לאַכן פון די ביימער אַרונטער און מיידלעך גייען באָרוועס און די ערד איז שיכור פון גרינער פרייד. אַ וואַרעמע אייביקייט צערינט זיך דורכן בלוט און די נשמה ווערט גרינג און יומערדיק. ווי שיין איז דער זומער אום ווינטער. ווי דייטלעך. ווי קלאָר. ווי רייצנד. אָבער אין זומערצייט גייט איר אים פאַרביי און באַמערקט אפילו נישט זיין גרינקייט. זיין זוניקייט. זיין כישוף. ווי וווּנדערבאַר איז דער גרינבלויער זומער וואָס ווערט אויסגעחלומט אויף דער קאַנווע פונם גרויען ט ו י ט ל ע כ ן ווינטער.

## XVIII

אנטקעגן מיין הויז שטייט אַ קלויסטער. אַ גרינבאַגראָזט קלויסטער, אַ פאַרוואָרפן קלויסטער. אָן גלאָקנקלאַנגען. אָן תפילות. שטיל און פאַרוואָרפן. ווער דאַרף קלויסטערס אין אַזוינע נישט קלויסטערלעכע צייטן. און די גלאָקנהערצער הענגען אין דער

הויך פֿאַרשטומט און שווער. נאָר אַמאָל גיט עפּעס אַ פֿאַרליבטער נאַרישער ווינט אַ ריר דאָס האַרץ פֿון אַ לאַנג פֿאַרשוויגענעם גלאָק און עפּעס אַן איינזאַמער קרעכץ פּרוּווט זיך שטעלן אויף די פֿיס און קען נישט. און דאָס קלויסטער כאַפּט זיך אויף און קוקט זיך אַרום מיט ליבשאַפֿט צום ווינט. ווינט ווינט גלעט נאָך אַביסל. לאָמיר הערן מיין אייגן קול צי איך בין נאָך נישט שטום. אומעטיק. אומעטיק. אויפֿן קלויסטער־פֿענסטער שטייט אַ ברודער מיינער מיט אַ בלאָנדער באָרד און וויל אַרויס און קען נישט. און איך הער כמעט ווי ער קלאַפּט מיט די פֿויסטן אינם פֿאַרביקן קלויסטערפֿענסטער און שרייט: לאָזט מיך אַרויס איך וויל נישט שטיין צווישן גוים. קעגן מיין הויז שטייט אַ קלויסטער. אויף אייגעם פֿון די קלויסטערפֿענסטער שטייט נעבעך אַן אָרעמער פֿילגעפּייניקטער ייד און וויל זיך שאָקלען ביים דאַווענען און קען נישט ווייל ער איז אַ טייל פֿונם פֿענסטער. גאָט. האָב רחמנות אויף דיינע עלנטע זין וואָס הענגען אויף די קלויסטערפֿענסטער,

## XIX

עס דרייט זיך די וועלט. עס דרייען זיך די פּלאַנעטן. עס דרייט זיך דער מענטש. עס דרייט זיך די ליבע. עס דרייט זיך דער טויט. אפֿילו דער דרייער פֿון די אַלע זאַכן דרייט זיך אויך. עס דרייט זיך די וועלט און אַלצדינג אויף דער וועלט און אונטער דער וועלט און איבער דער וועלט. און דער מענטש דרייט זיך מיט עפּעס אַ תּורה אין דער האַנט און ער זוכט אַ זין אין דעם ליידיקן דרייטאַנץ. און קינדער מיט פּאַנען דרייען זיך אַרום די טענצער וואָס דרייען זיך אַזוי לאַנג ביז וואַנען זייערע תּורות הייבן אָן פֿאַלן פֿון די פֿיס. אינאיינעם מיט די טענצער. אינאיינעם מיטן בעלעמער. אינאיינעם מיט דער רונדער שיכּורער טאַנצענדיקער זינגענדיקער וועלט. קינ-

דער מיט פאָנען טאַנצן אַרום אַלטע שמות. אַרום ליידיקע
שטיקלעך פּאַפּיר. אַרום אַ אידעע.

## XX

דער זומער האָט זיך אַריינגעביסן מיט זיינע גאָלדענע ציין אין
דעם ווינטערס ברוינעם לייב און דער ווינטער צאַפּלט זיך און
ציטערט און שלאָגט מיט די דאַרע הענט איבערן פאַרעקשנטן
קאָפּ פון זומער. און דער ז ו מ ע ר שמייכלט א י ב ע ר דעם
ווינטערס אומגליק. דער לעצטער ווערט זיך און בייזערט זיך
אָבער די פיינע קאָקעטישע גלעטנדיקע האַנט פונם זומער שטילט
אים איין. צ ו י מ ט זיין בלוט. באַרויקט אים און הייסט אים
מיטשמייכלען. און דער געדולדיקער איינגעצוימטער ווינטער וועט
שווייגן. שווייגן אַזוי ביז וואַנען עס וועט אין אים פּלאַצן דאָס
געדולד. ביז וואַנען די פאַלש=זומערדיקע שמייכלען וועלן זיך
אים איינעסן אין די ביינער ווי סם. די נאַרישע סענטימענטלע=
ריי וועט אים דענערווירן און אַרויסברענגען פון געדולד. דע=
מאָלט וועט דער ווינטער אויף זיך צערייסן דאָס ווייסע העמד
און עס לאָזן פליען אין דער לופט. מיט אַ געשריי וועט ער
זיך געבן אַ לאָז אַראָפּ פון די בערג. ו ו י י נ ע נ ד י ק ס ו ו י ס=
ט ש ע נ ד י ק. ק ל אָ ג נ ד י ק. עפּעס וועט זיך ברעכן אונטער
זיינע פיס ווי גלאָז. איינגעבויגן מיט אַן א ו י פ ג ע ה ו י ב ע=
נ ע ם נ אַ ק נ ב י י ן ווי אַן אָקס וואָס וויל אויף עמעצן אָנפאַלן
וועט ער לויפן שרייען און געוואַלדעווען דער צו=זיך=געקומענער
ווינטער וואָס האָט זיך סוף=כל=סוף אָפּגעבונדן פון די פאַרפירע=
רישע שמייכלערייען פון דער זומער=מיידל וואָס האָט זיינע כו=
חות דערשטיקט אונטער אַ בונט פון רויזנדיקע ליבסערייך.

## XXI

דער ווינטער קומט. דער ווינטער גייט. זיך איך מיט

פֿאַרמאַכטע אויגן און רויכער מיין ליולקע. עס איז הויך־ווינטער אויפֿן לאַנד. פֿאַלט דער שניי. דער בלויעכער שניי. פֿון גאָטס האַנט אַרויס שיטן זיך די קליינע פֿיינע קרישטאָלן. און עס איז אַזוי שטיל און ווייס. און די פֿעלדער און וועלדער ווערן פֿאַרווייסט און פֿאַרקלאָרט און אויך מיין נשמה ווערט ווייס און בלאַנק און שטיל. אין מיינע אויגן בליט דער טויט־ריינער שניי. אין מיין בלוט רינט ווייס־ווייסער שניי. און מיינע געדאַנקען זענען פֿאַרליכטיקט און איינגעזוונגען. רויק, רויק. שטיל און געזאַנגיק ציען זיי דורך מיין אַלצדינק. ווי דער שניי. ווי דער ווייסער שיינענדיקער שימערירנדיקער שניי. דער ווינטער קומט. דער ווינטער גייט. ווילהאָבנדע דיכטער שיטן זיך אָפּ פֿורלעך מיט קוילן. וועווריקעס באַהאַלטן זיך אין זייערע נעסטן און קנאַקן ניס. דער בלייכער פֿאָרסט עסט מאַרך־ביינער כּדי ער זאָל באַקומען אַ געזונטערע פֿאַרב אין די באַקן. פֿייגל פֿליען אַוועק אין די וואַרעמע לענדער און בענקען נאָך די קאַלטע. זאַווערוכעס פֿליען אַוועק אין די קאַלטע לענדער און בענקען נאָך די וואַרעמע. מענטשן פֿליען אין ערגעץ נשט אַוועק און בענקען סיי ווי סיי. דער ווינטער גייט. דער ווינטער קומט.

## XXII

די געזעצמאַכעריי גייט אַרויס פֿון דעם פּונקט אַז דער מענטש איז בטבֿע נישט קיין שלעכטער און אַז ער האָט אַ גוט האַרץ און דעריבער דאַרף מען מאַכן געזעצן כּדי אים צו פֿאַרהיטן פֿון זיך זעלבסט. ווייל אַ מענטש געבן אַ נדבה אַ בעטלער געפֿינט ער אַז דאָס געזעץ דערלויבט נישט קיין בעטלעריי, ווייל ער זיך פֿאַרשיכּורן און ווערן אַ בעסערער מענטש איז עס פֿאַרבאָטן פֿון געזעץ. ווייל ער זיך אַראָפּוואַרפֿן פֿון בריק און אָפּגעבן גאָט זיין נשמה ווייל ער פֿילט אַז עס איז צו אַ ווערטפֿולע זאַך צו טראָגן ביי זיך מישט זיך אַריין דאָס געזעץ און לאָזט אים נישט. און מיר אַליין אין אונזערע שעהן פֿון שוואַכקייט מאַכן מיר זיך געזעצן, נישט צו באַרגן קיינעם מער

ווי פינף דאָלאַר. נישט צו לויבן יענעם צופיל. נישט רחמנות צו האָבן אויף אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט. נישט צו זאָגן גוט-מאָרגן צו פרעמדע מענטשן. נישט צו קושן קיין אומבאַקאַנטע מיידלעך. און מיר מאַכן זיך די דאָזיקע געזעצן דערפאַר ווייל מיר פילן אַז בטבע זענען מיר אַ גאַנץ ווילער מענטש און אַז מיר דאַרפן האָבן אַ געזעץ וואָס זאָל אונז צוריקהאַלטן פון באַגיין צופיל מענטשלעכקייט, ווייל מ'איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש.

## *XXIII*

אַ בלוי בלאַסע, מיט עלפאַנטביין גלידער, מיט שוואַרצע ראַנדן אונטער די אויגן. אַ שוואַכע. אַ קראַנקלעכע. אַ צעבראָכענע. מיט נישט-זיכערע טריט גייט זי איבער דער גאַס אַרויף און אַראָפּ. עס איז קאַלט און עס ווייַנט אַן אומעטיקער רעגן. איר אונטערשטע ליפּ ציטערט אין אַ שטילן כליפּ. אירע אויגן אַרומגעפּינזלט מיט שוואַרצער פאַרב זענען ליידיק און אויסגעשעפּט און וויסט. איר קערפּער איז דין און פויגליש געבויגן ביים נאַקן. זי הוסט מיט אַ פּאַרדעכטיקן הוסט און ווישט זיך די ליפּן מיט אַ געפּלעקט טיכל. מיט שטילע ווייבענדיקע טריט גייט זי אַרויף און אַראָפּ איבער דער גאַס. עס ווייַט איר יונג לייב. עס קלאָגן די האָר וואָס זענען צעשויבערט איבער איר בלאַס פּנים. עס ווייַנט די ערד אונטער אירע טריט. עס ווייַנט דער שטרענגער הימל. עס ווייַנט איר עלנט האַרץ דורך טרוקענע טויטע אויגן. מען רופט זי דאָס פרייליכע מיידל.

## *XXIV*

די היסטאָריע פון לאַנגווייליע. אַז יעהאָוואַן איז געוואָרן לאַנגווייליק האָט ער באַשאַפן אָדמען. אַז אָדמען איז געוואָרן לאַנגווייליק האָט ער זיך געלאָזט אויסשניידן אַ חוהן פון זיך זעלבסט.

אַז ביידן איז געוואָרן לאַנגווייליק האָבן זיי זיך אויסגעטראַכט אַ
שלאַנג. אַז דעם שלאַנג איז געוואָרן לאַנגווייליק האָט ער צו
זיי געגומען רעדן וועגן עפּל. אַז אָדם=און=חוה האָבן געזען אַז
ס'איז נישטאָ וואָס צו טון האָבן זיי גענומען זוכן טראָבל. אַז
גאָט האָט געזען אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו טון און אַז ער איז
מיד געוואָרן פֿון פּיצן די לבנה מיטן אַרבל און פֿון שפּייען
אויף די שטערן האָט ער גענומען און אַרויסגעטריבן זייערע קינ=
דער פֿון דעם גן=עדן. איז זיי געוואָרן לאַנגווייליק האָבן זיי זיך
געפּאָרט און געהאַט קינדער. האָבן זיך די לעצטע גענומען לאַנג=
ווײַלן און קריגן. האָט קין געזען אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו טון
האָט ער גענומען און דערלאַנגט זיין ברודער הבל איבערן קאָפּ
האָט דער לעצטער געזען אַז ס'איז לאַנגווייליק האָט ער גענומען
און געשטאָרבן. האָט יעהאָוואַ געזען אַז ס'איז נאָך אַלץ לאַנג=
ווייליק האָט ער גענומען און אַ קאַפּעטשקע פֿאַרשאָלטן קינען. און
אַז קין האָט געזען אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו טון האָט ער באַשלאָפֿן
זיין ווייב און דערפֿון איז אַרויסגעקומען די באַרימטע משפּחה חנוך
און למך און נח און חם און די איבעריקע דאָרטן. און אַז די
מענטשן האָבן געזען אַז ס'איז לאַנגווייליק האָבן זיי זיך אַוועקגע=
זעצט אונטערן שאָטן פֿון זייערע אייגענע נישט געשוירענע האָר און
גענומען מקנא זיין זייערע שכנים. האָבן זיי זייערע שכנים צוריק
מקנא געווען. האָט גאָט געזען אַז ס'איז נאָך אַלץ לאַנגווייליק האָט
ער גומאַכט אַ מבול און ס'איז געוואָרן לעבעדיק. האָט נח
געזען אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו טון האָט ער גענומען זיך אַרום-
פּאַטשקען מיט אַ תּיבה און זיך שפּילן מיט די ווערעריקעס און מיט
די פּיפּערנאָטערס. דערנאָך האָט ער באַשלאָסן עפּענען אַ צירק
און אַרומפֿאָרן איבער דער וועלט. האָבן די חיות געזען אַז ס'איז
לאַנגווייליק האָבן זיי גענומען טענהן צו נחן אַז זיי קענען נישט
פֿאַרטראָגן אַזאַ וואַסערדיק לעבן. האָט נח אַרויסגעשיקט די באַ-
רימטע טויב. האָט די טויב געזען אַז ס'איז לאַנגווייליק האָט זי
גענומען און צוריקגעקומען. האָבן אַלע גענומען געגעצן און נח
האָט געגענעצט מער פֿון אַלע. און דער פּיפּערנאָטער און ציגנבאָק
און דער לינדנוואָרעם האָבן געגענעצט עד לב השמים. האָט גאָט

געזען, אַז אַפילו אַ מבול איז אויך לאַנגווײַליק האָט ער גענומען
און געראַטעוועט די וועלט און פֿאַרענדיקט מיט אַ רעגנבויגן. אַז
ער האָט אויפֿגעהאָנגען דעם נעמלעכן רעגנבויגן האָט ער געמיינט
אַז מען וועט אים צוגנבֿענען וועט ער זיך בייזערן און שעלטן און
ס'וועט זײַן אַ שטיקל צײַטפֿאַרטרײַב. האָט גאָט געזען אַז מען טשע-
פּעט נישט דעם רעגנבויגן האָט ער גענומען און געשפּילט טעאַטער
און געשוואוירן אַז מער וועט ער נישט ברענגען קיין מבול אויף
דער וועלט אַזוי זאָל אים גאָט העלפֿן. און איצט לאָז מען גיין
עפּעס טרינקען האָט נח געגעגנעצט און געזאָגט עס איז ניש-
טאָ וואָס צו טרינקען. האָט יעהאָוואַ אַ געגעך געטון
און אים געהייסן פֿאַרפֿלאַנצן אַ ווײַנגאָרטן און אונטערוואַרטן בײַנ-
ציק יאָר וועט זײַן וואָס צו טרינקען. האָט נח זיך אונטערגעשפּרייט
די ווײַסע באָרד אַוועקגעזעצט אויף איר און געוואַרט און געגעגנעצט.
האָט ער געזען אַז ס'איז שרעקלעך לאַנגווײַליק האָט ער גענומען
און אויסגעטרונקען דעם ווײַנגאָרטן רויערהייט און גענומען פֿון זיך
אַרונטערגענעצן די קליידער. האָבן די מענטשן געזען אַז ס'איז
נישטאָ וואָס צו זען און אַז ס'איז לאַנגווײַליק האָבן זיי באַ-
שלאָסן צו קריכן אין הימל אַרײַן. האָבן זיי גענומען בויען דעם
טורעם פֿון בבֿל. האָט גאָט געזען אַז די געלאַנגווײַליקטע נודניקעס
קריכן צו אים האָט ער געטראַכט עס איז מיר גענוג
לאַנגווײַליק אָן זיי. האָט ער גענומען און זיי צעמישט
די לשונות. האָבן די מענטשן געזען אַז קריכן אין הימל אַרײַן קען
מען נישט. האָבן זיי געטראַכט ס'איז שרעקלעך לאַנג-
ווײַליק און זיי האָבן גענומען געגעגנעצן און זיך שניידן די העלזער
איינס ס'אַנדערע און רעדן אויף אַזוינע שפּראַכן וואָס זיי האָבן
אַליין נישט פֿאַרשטאַנען וואָס זיי רעדן. איז זיי געוואָרן אום-
געהויער לאַנגווײַליק. און אַזוי ווײַטער און אַזוי ווײַטער.

*XXV*

דער זוכנדיקער מענטש און איך. איך עפֿן אויף די טיר
פֿונם פֿינסטערן קעלער וואָס רופֿט זיך וועלטגעהײַמניש צינד אָן

אַ שוועבעלע גיט אַ קוק אַריין זייער ליכט און כ׳זע אַז מ׳זעט נישט. קום איך צוריק און זאָג חברים מ׳זעט נישט און איך זעץ מיך אַוועק שפּילן דאָמינאָ. דער פילאָזאָף צינדט אָן אַ לאַמטערן און הייסט זיך אונטערפירן צום פינסטערן אַריינגאַנג מיט אַ קאַפּעליע מוזיק. דאַן לאָזט ער זיך אַריין אינווייניק און ער גייט און בלאָנדזשעט און בלאָנדזשעט. אין צוויי=און=זעכציק יאָר אַרום קומט ער צוריק פאַרשטויבט אַלט פאַרוואַקסן דערשלאָגן האַלבטויט און ער זאָגט מ׳זעט נישט. דער חילוק צווישן אַ פילאָזאָף און אַ נישט פילאָזאָף איז דאָס וואָס דער פילאָזאָף אַרבעט אַ לאַנגע צייט אויף צו דערגיין אַז מען קאָן נישט דערגיין גאָרנישט. בעת דער נישטפילאָזאָף באָדט זיך אַלע טאָג און שרייבט ליבעבריף און גייט שפּאַצירן אין שמייכלט און לייענט די טיימס און ווייסט אויך אַז מען קען נישט דערגיין גאָרנישט. דער פילאָזאָפישער מענטש דערגייט צו גאָרנישט מיט שווערע מי און געוואַלדיקע קאָסטן. דער געוויינלעכער מענטש דערגייט צו גאָרנישט אָן שום אָנשטרענגונג.

## XXVI

איבונג אין פילאָזאָפישע פּאַראַדאָקסן. אַ זאַך וואָס איז נישט קען נישט נישט=זיין. נישט=זיין קען בלויז אַ זאַך וואָס איז דעריבער מוז מען זאָגן אַז אַפילו די זאַך וואָס איז נישט איז אויך אַ ביסל. אַז נישט וואָלט זי דאָך נישט געקענט נישט=זיין. יעדע זאַך וואָס איז נישט איז. דעריבער איז שוין מעגלעך אַז זי זאָל נישט זיין. נאָר אַזוי ווי יעדע זאַך וואָס איז קען נישט נישט=זיין דעריבער מוזן מיר זאָגן אַז יעדע זאַך וואָס איז נישט איז. און דעריבער קען זי נישט זיין. דעריבער איז זי. דעריבער איז זי נישט. דעריבער איז זי. אַך איך האָב אַזאַ שרעקלעכן קאָפּ ווייטאָג.

# XXVII

גאָט האָט אויסגעפוצט די וועלט אין דאָס שענסטע און
בעסטע. ער האָט אויסגעשניצט די האַרטע פעלזן. האָט אויפגע=
האָנגען די פייערלעכע זון. האָט אויפגעשטעלט דעם באַרימטן
וואַלד. און איבער דעם וואַלד האָט ער צעשאָטן די ווונדערבאַ=
רע נאַכטיגאַלן זיי זאָלן מאַכן פּי-פּי. ער האָט זיך געמיט און
געאַרבעט און אויסגעשטאַטעט אַלצדינג מיט גרויס מי
און גוואַלדיקע קאָסטן. אַלצדינג איז אַזוי נאַטור=געטריי ווי מעג=
לעך. אפילו פייגן פעלן נישט. און אפילו מוראַשקעס.
און אפילו וואַלד=ליי ז. און פליי. און לינדעגווערעם.
אַלצדינג ווי עס פאָדערט זיך. און מיט דער גרעסטער פּינקט=
לעכקייט און נישט געזשאַלעוועט. נאָך אַ פלוי. נאָך אַן עלעפאַנט.
נאָך אַ ווערוריקע. נאָך עטלעכע ימים. און אַלץ כּדי דער מענטש
זאָל זיך אויפקשטעלן און שטוינען און נישט אויפ=
הערן צו שטוינען. און ער זאָל זיך אַזש צעווייגען פון באַוווג=
דערונג און ער זאָל אויסרופן אַך איז דאָס אַ גאָט. אַן
אַרטיסט. זאָ וואַר איך לעב. און ער זאָל אַרויפפאַלן זיין
פריילין אויף די אַקסלען און זיך צעווייגען ווי אַ קינד און מען
זאָל אים נישט קענען איינשטילן. צום סוף גייט ער פאַרביי מיט
זיין כּלה פאַרטיפט אין פאַרשידענע זאַכן און אַז ער דערזעט
דאָס הערלעכע זונאונטערגענגל ביים ברעג פונם ים און ווי דאָס
הימעלכן איז אויסגעפוצט אַזוי פיין און די פעלזן זענען אַרומ=
געהובלט און די ווינטן זענען אויסגעפרעסט און די וואַסערן זע=
נען אָפגעגלאַנצט און די נאַכטיגאַלן זענען זינגעוודיק גיט ער
זיך אַ קוק אום און זאָגט ס'איז נישט שלעכט. און זיין
כּלה מאַכט זיך צורעכט די לאָקן און זאָגט נישט קשה און מע
גייט ערגעץ אַוועק. איז עפעס אַ חידוש וואָס די גאָטהייט איז
אַזוי אויפגערעגט און וואָס זי הרגעט אויס אַזוי פיל מענטשן.
האָט זיך איר געלוינט פרעג איך צו באַשאַפן אַזוי
פיל באַוווּנדערער אַז די באַוווּנדערער באַוווּנדערן גאָר זיך אַליין
אָנשטאָט זייער פריוואַטן באַשעפער.

## *XXVIII*

אַ שאָף איז נאַקעט און אַ מענטש איז נאַקעט. אַ נאַטיר־
לעכער צושטאַנד. טראַכט מען אויב די גאָטהייט וויל אַז די
מענטשן זאָלן זיין מאָראַליש טאָ פאַר וואָס קאָנען זיי נישט גע־
בוירן ווערן מיט אונטערוועש און קאַפּעלושן. איז קיין ענטפער
נישטאָ. נאָר אַ שטיקל אויסוועג. פאָרט ציוויליזאַציע. נעמען מיר
און מיר בייטן אויס אונזער נאַקעטקייט פאַר אַ שאָפס. און מיט
אַ שאָפענעם טוליפּ אויפן לייב קאָנען מיר שוין קומען אין דער
פיינסטער און נאָבלסטער געזעלשאַפט. ווען אונזער נאַ־
טירלעכקייט איז נישט קיין מענטשלעכע נאָר אַ שאָפענע
דאַרפן מיר זיך שוין נישט שעמען מיט איר. אַ בושה איז נאָר
צו טראָגן די אייגענע הויט אָבער נישט קיין קעלבערנע אָדער
הינטישע. אדרבא. נאָר די חיות זענען נעבעך גרויסע בהמות. גיי־
ען זיי אַרום מוטערנאַקעט און עס פעלט זיי נישט איין צו נע־
מען און איבערבייטן זייער נאַקעטקייט פאַר אונזערער.
ווען שאָף וואָלטן געהאַט שכל. וואָלטן זיי אָפּגעשוינדן אַ מענטשען
הויט און זיך געמאַכט דערפון אַ ווייס טוליפּל אויפן פרילינג.

## *XXIX*

געכטן בין איך געווען ביים ים. עס איז געווען וואַרעם און דרויסן
און די שטים פון זאַלצוואַסער און פרישע לופט האָט מיך כמעט
גערופן און אַ חבר האָט מיך געשלעפּט איך זאָל וואַנדערן. פאַר
זיך אַ ביסל דורך האָט ער געזאָגט. זע די נאַטור. עס איז איצט
פרילינג. זיינע רייד זענען מיר געפאַלן אויף די אוירן ווי געטרייע
וויינענדיקע שוועסטער. איך האָב זיך געפוילט צו געפינען עפּעס אַ
גוטן תירוץ פאַר וואָס איך זאָל נישט פאָרן. איך האָב מיך מיט
אים מיטגעפּלאָנטעט און זיך דערפּלאָנטעט צום ים און זיך גענומען

אַרומפּלאָנטן אַרום די וואַסערן און אַרום די ליידיקע זאַמדן.
עס איז געווען אַ ווילגעפּוצטער טאָג. די נאַטור האָט מיטגע=
ווירקט אויפן פּראָגראַם. דער ליבער ים האָט זיך געקאַטשעט ווי
עפּעס אַ האַלב=ווילדע חיה קאַטשעט זיך אין מיסט. אַלצדינג
איז געווען בלאָנד און נאַריש און ליבלעך ווי אַ דייטשישע מיטל=
יעריקע געליבטע. אומעטום איז געווען שטיל און פאַרשלאָפן. די
זון אויבן אין די גאָטגעבענטשטע הימלען האָט אַרונטערגעגאָסן
מיט געלן גאָלד=וואַסער ווי אַ קראַנקער מענטש. און די
נידעריקע בענק צוגענאָגלט צו דער ערד און מיט אויסגעקרום=
טע אייזערנע פיס האָבן אויסגעזען ווי זיי וואָלטן געליטן פון
רעוומאַטעס. זיי האָבן אויסגעזען ווי איך אַליין ווען איך ליג
אויף אַלע פיר און בין שטיל=פאַרצווייפלט און קאָן נישט אַוועק=
קריכן פון זיך זעלבסט. ערגעץ ווייטער נעבן גאָרטן פון ים איז
געווען אַ פרייע באַנק וועלכע איז נישט געשטאַנען נאָר גע=
זעסן האַלב=אָנגעלענט גרייט זיך אויפצוהייבן און אַוועקצוגיין. זי
האָט דאַכט זיך געזאָגט זעט איר ביי מיר איז עס גאָר
נישט. אַז איך זאָל נאָר וועלן גיב איך עמעצן
אַ בעט נעמט ער מיך אַוועק. נאָר דערווייל וויל איך
נישט. נעכטן בין איך געווען ביים ים און ער האָט מיר אָפּ-
געגעבן אַ גרוס אַז ער גרייט זיך צו אַנטלויפן און אפשר זאָלן
מיר לויפן צוזאַמען. און וואָס זאָל ער טון. און אָך ער איז אַזוי
שלעפעריק. עווהע. ווי עס שלעפערט אים. נעכטן בין איך געווען
ביים ים מוז איך עס דערציילן. ווייל ס'איז זייער וויכטיק פאַר
דער געשיכטע צו וויסן ווו איך בין נעכטן געווען און פאַר וואָס
מען האָט מיך אַ גאַנצן טאָג נישט געזען אין קאַפעהויז.

*XXX*

אין מיין טאָגבוך וואָס איך האָב געקראָגן אַ מתּנה פון מיין
געליבטער כינעזערין שטייט פאַרשריבן. אַ חינטל האָט זיך פאַר-
בלאָנדזשעט אין מיין שטוב אַריין. האָב איך געזאָגט מיין הויז-דינער
ער זאָל עס אַרויסטרייבן ווייל איך דאַרף נישט קיין פרעמדע ווינט-

לעך ביי מיר אין שטוב. מיין דינער האָט אָנגענומען ס'נעמלעכע ווינטל אונטערן אָרעם און עס געוואָלט אַרויספירן. אָבער ס'איז געבעך געפאַלן פון די פיס. ס'איז געווען אַ שיכּור ווינטל. פון מויל האָט זיך געפילט מאַיוויין און עס האָט עפּעס אַזוי פיין געשמייכלט און געפלאַפּלט און געבעטן אַנטשולדיקונג. עס איז געפאַלן אויף דער שוועל און זיך אויפגעהויבן און ווידער געפאַלן און ס'האָט דערציילט אַז סע קומט ערגעץ ווייט פון פרילינגלאַנד אַז מען האָט דאָרטן היינט געגעבן אַ באַנקעט לכּבוד דעם פופציק מיליאָן יעריקן יובילעום פון אַלע פאַראייניקטע ווינטן. אַביסל שפּעטער האָט זיך דאָס ווינטל געשטעלט אויף די פיס און גענומען וואַרפן מיט די הענט און מיט די לאָקן ווי אַ מאָדערנע טענצערין וואָס פאַרייסט דעם קינבאַק צום הימל. דאַן איז דאָס ווינטל געוואָרן ווילד און משוגע און האָט גענומען פייפן מיט אַ געיאָמער. עס האָט אַזוי לאַנג געפיפן ביז וואַנעט עס האָט געטון אַ קורץ שוואַך זיפצל און איז געשטאָרבן. ס'צווייטע מאָל זאָל מיין הויזדינער נישט אויפמאַכן די טיר פאַר פאַרבלאָנדזשעטע ווינטלעך.

## XXXI

מיין האָן מעלדעט מיר אַז ק ו ק ע ר י ק ו די זון קומט באַלד אַרויס. אַלע אינדערפרי זינגט ער אויס דיזעלבע בשורה און ער מיינט אַז ס'איז אַ געוואַלדיקע נייס. דער אָפיציעלער מעלדער פון זונען-אויפגאַנג. דער האָן וואָס קרייט כּמעט אַלע טאָג ס'אייגענע נאָר מיט אַן אַנדער חנדל. און די מוטער׳עכע הינער האַלטן אים פאַר אַ נביא. פאַר אַ זונענבררענגער. פאַר אַ פאַרבלאָנדזשעטער נשמה וואָס מ ו ז זיך אַרויסקרייען. דער לירישער ששאָלצער אָנגעבלאָזענער אויפן פלויט קרייענדיקער האָן. כּמעט יעדן טאָג קרייט ער כּמעט דאָס זעלבע נאָר מיט אַן אַנדער תּנועה׳ע. מיט אַ ניי קנייטשל. און ער מיינט אַז דאָס איז אַ זוינס-און-אַזאַס, און אַז עס קומט אים צום ווינציקסטן פיר=

הונדערט און זעכציק טאָלער פאַר יעדן קריי. אָ האָן מיינער. האָן אָרעמער. האָן נאַרישער. האָן אומשולדיקער. ביזט נעבעך אַ ווילער האָן און דו מוזט קרייען אָבער פאַרוואָס בלאָזטו זיך אַזוי. און פאַרוואָס קרייסטו אַזוי הויך וועגן דיין שטילן קרייען וואָס דו קרייסט.

## *XXXII*

די פליגנצייט איז שוין באַלד אַריבער. דאָ און דאָרט צאַפּלט זיך נאָך די לעצטע פליג. טענצלט און זינגט אויף דער שויב וואָס איז געראַוויטלט פון דער אָקטאָבער-זון. מיינט זי אַז דאָס ברענט אַזוי די שויב צוליב איר. טאַנצט זי איר פליגנוואַלצער קעגן הימל און איר קליין פליגן-האַרץ איז פול מיט געזאַנג און מיט ליבפרייד. פייערלעך-פייערדיק פאַרצירט מיט גלי-גאָלד זעט איר אויס די וועלט. און דאָס פליגן-אויג טראָגט אין זיך אַ לאַכנדיקן גליענדיקן זונענדיקן ערדקוגל פון וועלכן זי די פליג איז דער מיטל-פונקט. די פליגן-צייט איז שוין אָבער אַריבער. עס ווינטערט שוין אין לאַנד. אויפן סופיט פון מאָראַלישער הויכקייט ליגט די טויטע פליגנמחנה. אירע גענעראַלן זענען קליינע איבערדריסיקע פונקטן. די פליגן-קעניגן וואָס האָבן אַזוי שטאַרק געבענקט נאָך אַ פּלאַץ אין דער זון זענען אַזוי דעמאָקראַטיש שטיל און פילפאַרשוויגן. דאָס ריזיקע פליגנגערויש האָט זיך איינגעשטילט. די פליגנאַטאַקע אויף דעם צוקער-פעלד איז פאַריבער. זייער האַרץ-פלאַטערניש האָט זיך אויסגעציטערט אין דעם בלוט פון אונטערגייענדיקע זונען. האָט זיך דערטרונקען אין אים. איצט איז אַלצדינג אַזוי שטיל און רויק אַז מע הערט ווי די איינגעשפאַרטע וועלט דרייט זיך אַרום זיך זעלבסט און סקריפּעט. עס ווינטערט שוין אין אונזער לאַנד. נאָר די לעצטע פליג צאַפּלט זיך נאָך אויפן פענסטער און זינגט איר פליגנגעזאַנג צו דער קאַלט-רויטער אָקטאָבער זון.

## XXXIII

דאָס לעבן האָט זיך אויסגעבונדן דעם קראַוואַט זיך באַ=
שפּריצט מיט קעלניש=וואַסער און איז אַוועק זען אַ טעאַטער=
שטיק. דאָס לעבן האָט זיך אַוועקגעזעצט אין אַ לאָזשע. אַנגע=
טון די ברילן דאָס לעבן איז אַ ביסל קורצזיכ=
טיק און גענומען באַטראַכטן די סצענע אין ערשטן אַקט איז
געווען אַ זעלטענער יום=טוב אויף דער בינע. ס'איז אַ יום=טוב
וואָס דאָס לעבן האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען. דאָס לעבן איז
געוואָרן פאַראינטערעסירט און האָט זיך ווייטער צוגעקוקט. עס
זענען אַרויסגעקומען די ליבהאָבער און גערעדט אַזוינע רייד
וואָס דאָס לעבן האָט אַזוינס נישט געהערט זינט ס'עס לעבט.
דאָס לעבן האָט זיך אַריבערגעבויגן איבער דער לאָזשע און
נישט געוואָלט פאַרלירן אַ וואָרט. גאָט מיינער ווען האָט דאָס
לעבן געהערט אַזוינע רייד. פאַר אים פאַר דעם לעבן איז
אַלצדינג געווען שטאָק נייַ. אין צווייטן און אין דריטן אַקט
זענען פאָרגעקומען אַזוינע אָריגינעלע אומגליקן אַז דאָס לעבן
האָט אַראָפּגענומען די ברילן און זיי אויסגעווישט כּדי עס זאָל
בעסער זען. עס האָט זיך צוגעבוינן נענטער און אָנ-
געשט־ענגט די אויגן אויף די אַקטיאָרן וואָס האָבן גערעדט
וואָס דאָס לעבן האָט נאָך קיינמאָל נישט געהערט. עס איז גע=
וואָרן פאַרכאַפּט פון דער האַנדלונג פון דעם שטיק. קיינמאָל
אין קיין שום אָרט און אין קיין שום צייט האָט דאָס לעבן
נישט געזען אַזוינע האַנדלונגען פון מענטשן ווי עס האָט געזען
אין טעאַטער. דער פאָרהאַנג איז געפאַלן אויפן לעצטן אַקט.
דאָס לעבן האָט זיך אויפגעשטעלט געפּאַטשט מיט די הענט און
געשריגן בראַוואָ. אַז דאָס לעבן איז אַרויסגעגאַנגען פון דער
פאָרשטעלונג איז שוין געווען גענוג שפּעט. עס האָט אַ קוק
געטון אויפן זייגער. האַלב נאָך צוועלף. דאָס לעבן האָט גענומען
איבערטראַכטן אַלצדינג וואָס עס האָט געזען היינט ביינאַכט אין
טעאַטער און עס פאַרגלייכן מיט זיך אַליין און עס איז געקומען
צום שלוס אַז דאָס לעבן ווייסט גאָרנישט ווי אַזוי צו לעבן

און עס דאַרף זיך פון צייט צו צייט אַריינכאַפּן אין טעאַטער
און זען ווי אַזוי מענטשן האַנדלען ביי ענלעכע געלעגנהייטן.
און פון דעמאָלט אָן גייט ס'לעבן רעגלמעסיק אין טעאַטער אַריין
און עס לערנט זיך דאָרט מאַניערן און גענג און זשעסטן און
װאָס אַ טאָג ווערט דאָס לעבן אַלץ אינטערעסאַנטער. אַלץ געשליי=
פענער. אַלץ טעאַטראַלישער.

## *XXXIV*

און אז דער הערשער וועט צו מיר קומען און זאָגן בי=
סעשיין גיב אַהער דיין לעבן פאַר דיין פאָ=
טערלאַנד. וועל איך אים ענטפערן אַדוני קעניג
דו מיין. מיין לעבן איז נישט מיינס. עס איז
גאָטס. ער איז דער הויפּט קאָמאַנדיר פון
דעם 156=סטן אינפאַנטעריע רעגימענט באַ=
קאַנט אַלס פוס גייענדע מענטשהייט. דאָס
לעבן וואָס איך טראָג אויף דער פּלייצע
איז זיינס. ער האָט מיך אַרויס געשיקט
אין דער וועלטשלאַכט מיט דעם באַפעל
אַז איך זאָל עס האַלטן ביי זיך. דאָס לעבן
הייסט דאָס. ביז וואַנען ער וועט דאָס צוריק=
רופן דורך זיין אַדיוטאַנט הער טויט. דער=
וויל הער קעניג האָט ער עס נאָך נישט צו=
ריקגערופן. הייסט דאָס אַז איך דאַרף דאָס קיינעם נישט אַוועק=
געבן נאָר איך דאַרף דאָס האַלטן ביי זיך. ווייל טאָמער וועט ער מיך
געבן אַ רוף דורך זיין אַדיוטאַנט און זיך הייסן צוריק=
געבן ס'לעבן און כ'וועל עס נישט האָבן ביי זיך וועט
זיך טון חושך. ווו האָסטו אַהינגעטון דאָס שפּאָגעלנייע
לעבן וואָס איך האָב דיר אַוועקגעגעבן. וועט שרייען די
גאָטהייט. יואָס פאַר אַ רעכט האָסטו צו נעמען אַזאַ
קונציק אויסגעשניצט לעבן מיט האַנטגעמאַכטע אויערן און

עס צוועקשענקען דיין קעניג. און דעריבער הער קייזער ועט איר מיר מוזן אנטשולדיקן וואס איך קאן אייך נישט צו־ליב טון מיט אזא קלייניקייט ווי אוועקגעבן ס׳לעבן פארן פא־טערלאנד. יא־מלחמה נישט־מלחמה איך ווייס נאר איין זאך. איך דארף לעבן פיר און צוואנציק שעה א מעת־לעת. נישט ווייניקער. דירעקטער באפעל פון זיין עקסעלענץ הער יעהאווא

## XXXV

קומט נענטער דער יום־טוב שבועות ווערט מיר גרינגער ליכטיקער אויף דער נשמה. ווי אין א האלבפארוואלקנטן טאג אז איר דערזעט ערגעץ אויף א גרין פעלד א זונענפלעק. אזוי ווערט מיר באנגיק און גוט ווען איך דערפיל ס׳אנקומען פון דעם נאך ספירה־יום־טוב. דערמאן איך מיך סע גרינט מיין ארעם היימשטעטל. די ווערבן זענען יונג און זאפטיק. עס ציטערן די מאי־ביימער ביים קלויסטער און דופטן אריבער זייער גרינע פרייד צו אונז יידישע ייִנגלעך אויף יענער זייט גארטן. די אלערליי מאדנע פייגל גייען ארום מיט אזוינע פיל־פארביקע יארמולקעס אויף די קעפ און זינגען יידישע נגונים. אומעטיקע. שטילע. איינגעהאלטענע. איינער אן אלטער פויגל מיט א הויך בריסטל גייט ארום איבער דער גאס זייער ווי־לעריש און שאקלט מיט דעם אויבערקערפערל ווי א יונג קאטש־קעלע און דאס פארביקע יארמולקעלע ציטערט אויף זיין אויפ־געהויבענעם שטאלצן קאפ. ער זינגט און עסט. אזוי לאנג ביז וואנעט זיין אומגליקלעכער ברודער קומט צו גיין און בעט אז ער זאל אים אויך עפעס געבן. דאמאלס הערט ער אינגאנצן אויף צו זיין א זינגער און הויבט אן צו זיין בלויז אן עסער. שבועות אין מיין היימלאנד. און אלצדינג איז אזוי ליכטיק. ליכטיק. און די בערג זענען אויסגעצירט אין זייער איידלען גרינס און זיי זיצן ווי אלטע גרינגעפוצטע מאיעסטעטן מיט די פיס אונטער זיך און מורמלען נישט־פארשטענדיקע רייד. און די יונגפרוילעכע טאלן ליגן צעשפרייט מיט די לאכעדיקע

געזיכטער קעגן הימל. מיט די צעפרילנגטע ברוסט. און זיי וואַרטן אויף זייער באַפרוכטונג. עס איז גרין גרין גרין. זון זון זון. ווייס ווייס, אומעטום בליונג און בליונג. אפילו אויף דעם אַלטן שול=דאַך. אפילו צווישן די שטיינער פון מאַרק. אפילו צווישן די ציגל פון די אַלטע מויערן. עס דאַכט זיך אַז אַלץ הימלען ברענען און שמעלצן זיך און די צעשמאָלצענע הימלען רינען אַראָפּ אויף אונזער שטעטל. און איבער אַלצדינג פלאַטערט הימל און גרינס און גרינס און הימל און אפילו אין מיינע יינגע אָדערן ציטערט דער הימל בלוי און ריין און אויסגעשטערנט. און אין מיינע אויגן גייען אויף גרויסע פאַרחלומטע לבנות ווי ווייסע גאָלדענע עפּל. שבועות און מאַיבייטער און גרין=גלאַנצנדיקע ווערבן. און דער געדאַנק אַז מען וועט זיך באַלד מעגן באָדן אין טייך און אַז די באָרוויסע פיס פון דעם זומער=מיידל וועלן באַלד אָנרירן מיינע און די ליכטיקע דורכזיכטיקע פּערל=וטערנע שטראָמען וועלן אָנרירן די ברעגן פון מיין האַרץ. און די ווייסע קאַרשענפרייד און די רויזנהאָפנונג און דער דורשט נאָך רויטן וויינשלבלוט און די גרינע טרייסט וואָס הייבט אירע העגט פון די תבואה=טאָלן אַרויף און בענטשט די ערד. און דעם הימל. און די מענטשן. באַלד וועט זיין שבועות. און איך וועל מיך אַרומדרייען אין שטאָט און טרינקען ווערטער=שוואַרצקייט וואָס איז ביטער ווי קאַווע. אָדער איך וועל זיצן מיט מיין געשמינקטער לאַנגווייליע נעבן ים און זיך צוריקטראַכטן אין דעם לאַנגפאַרגעסענעם יום=טוב פון מיין גרינער פרייד. ווי ווייט איז צו מיר.

*XXXVI*

די ציוויליזאַציע אונזערע האָט אַ יעדן איינעם ציוויליזירט נאָר נישט זיך אַליין. די ציוויליזאַציע האָט אַלעמען געלערנט עסן מיטן מעסער=גאָפּל אָבער אַליין איז זי געבליבן אַן אומציוויליזירטע מענטשנפרעסערקע. זי האָט אַלעמען געלערנט מענטשנליבע און אַליין האָט זי ליב דעם מענטש געבראָטענערהייט. זי

האָט אַלעמען געלערנט צו טראָגן נאָזטיכלעך און אַליין ווישט זי
די נאָז מיטן אַרבל, זי האָט אָפּגעשאַפט געצנדינעריי און אַליין
דינט זי צו דער נאַריש=נאַרישסטער געטן וואָס האָט ווען=עס
איז עקסיסטירט. צו דער וועלטגעשיכטע. זי האָט גע=
שאַפן גרויסע קינסטלער און אַליין איז זי געבליבן אַ פּושערין
אַ דילעטאַנטין. זי האָט פאַרשפּרייט אַלערליי נייע גלויבנס און
אַליין גלויבט זי נישט אפילו אירע אייגענע רייד. זי האָט גע=
לערנט טראָגן גייסטיקע אונטערוועש זיך באַנוצן מיט גייסטיקע
זייף אָבער אַליין איז זי געבליבן שמוציק. עקלהאַפט. אומציוויליזירט.
אינם ליכט פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציע זעען מיר
ערשט ווי אומציוויליזירט אונזער ציוויליזאַציע איז. ווי האָטענטאָ=
טיש.

## XXXVII

איך האָב אַנומלטן באַדאַרפט האָבן עפּעס אַ וואָרט. האָב
איך עס געשיקט רופן און עס אַוועקגעשטעלט ווי איך האָב
באַדאַרפט. פּלוצים האָב איך דערהערט אַ רעש פון אַלערליי ווער=
טער יונגע און אַלטע נייע און אָפּגענוצטע. איך האָב צוגעלייגט
אַן אויער און איך האָב דערהערט דעם טומל פון דעם וואָרטס
פאַרלאָזענער משפחה וואָס איז געקומען מיט אים. עס זענען
געווען דעם וואָרטס מומעס און פעטערס און שוועסטערקינדער
און ברידער און לאַנדסלייט. און אַלע האָבן זיך געשטופּט און
געוואָלט שטיין צוזאַמען מיט דעם פאָטער=וואָרט. איך האָב מיך
געפּרוווט אָפּבעטן ביי זיי. איך האָב זיי געזאָגט אַז איך האָב
נישט קיין פּלאַץ אַז איך דאַרף נישט האָבן אַזאַ גרויסע משפחה.
אָבער זיי זענען באַשטאַנען אויף זייערס איך זאָל זיי אַוועק=
שטעלן אַלע אינאיינעם אָדער גאָרנישט. איך האָב געמוזט אויס=
שטעלן אַ גאַנצן פּאַראַגראַף מיט דעם וואָרטס פעטערס און
מומעס און שוועסטערקינדער און שוואָגער און לאַנדסלייט. איך
האָב מיר נישט געקאָנט העלפן.

## XXXVIII

מענטשן פֿאָרן אין די בערג אַריין הוסטן. און די בערג, וואָס שטייען גאַנצע טעג אויסגעפּוצט און האָבן נישט וווהין צו גיין הערן זיך איין ווי די מענטשן הוסטן און לערנען זיך אויס. ביינאַכט ווען דאָס לבנהלע טוט זיך אַ שפּאַציר-דורך איבערן הימל אַ פֿאַרגעלטס אַ קאַרגס אַן איינגעשרומפּנס מיט אַ פֿאַרקרימט מויל זעט איר באַשיינפּערלעך אַז זי איז קראַנק. צעבראָכן. אויסגעשפּילט. פֿלינק וויקלט זי זיך אַרום מיט טונקלע שאַלן מיט שמאַטעס מיט אַלטע מאַנטלען און זי דעקט זיך איין און ציטערט. עס דאַכט זיך זי שלאָפֿט. אָבער באַלד הערט מען ווי זי היסט מיט דונערדיקע כּוחות. זי היסט און היסט און היסט נעבעך אַזוי לאַנג ביז וואַנען זי הייבט אָן צו וויינען מיט גרויסע טרערן. אין אַ שעה אַרום קומט זי אַרויס אַן אָפּגעוויינטע א מידע אָבער אַ ליכטיקערע ווי פֿריער. און מער פֿאַרגליבט אין איר כּח צו בלייבן לעבן. זי גייט ווידער שפּאַצירן און זי טרינקט ווידער הימל-מילך און זי עסט ווידער ליליענפֿלייש און זי גייט ווידער שעפּן לופֿט. לופֿט. לופֿט פּונקט ווי אַ מענטש מישטיינס-געזאָגט.

## XXXIX

ווערטער און פֿראַזן זענען די פּעסער אין וועלכע דו לייריקסט זיך אַריין. ביסטו פֿול און פֿאַרליבט רעדסטו אַ סך אַ סך, נישט ווייל די ווערטער מיינען עפּעס נאָר ווייל דו מוזט האָבן אין וואָס זיך אַריינצורעדן. דו מוזט האָבן קוואַנטיטעט. דו ביסט דער אומגליקלעכער שיפֿער וואָס דאַרף אַליין באַשאַפֿן די שיף און דעם ים. ווייל שווימען מוזטו. וואָס דאָס איז גאָרנישט שלעכט געזאָגט פֿון אַ מענטש וואָס ווערט אויסגעליטן פֿון אַ צאָנווייטיק אַזוי ווי איך. און פֿאַרוואָס טאַקע נישט אויסנוצן דעם צאָנווייטיק זעלבסט. פֿאַרוואָס נישט איינשפּאַנען מיין קרעפּטיקן צאָנווייטיק אין

דעם פרנסה-ראָד ער זאָל זיך דרייען מיט פּאַרמאַכטע אויגן אויך מיר אויסאַרבעטן אַזוי פיל און אַזויפיל דאָלאַר. פאַרוואָס נישט אויסדריקן דעם אומענדלעכן געדאַנק אַז אין דעם קלענסטן צאָן קאָן זיך פאַרהאַלטן דער גרעסטער ווייטיק און דערפון דרינגען אַז דער גאַנצער אוניווערזום איז נישט מער ווי אַ רויער ווייטיק וואָס מען דאַרף אים נאָר אַרומרינגלען מיט אַ וואָס-נישט-איז כדי ער זאָל קומען צום אויסדריק. אָ צאָן מיינער. דו כאַפּסט אַרום דעם גרויסן ווייטיק פון דער וועלט און גיסט אים מיר איבער אין אַ קליינעם פאָרמאַט אַזוי דאָס איך זאָל אים קאָנען טראָגן ביי זיך אָ דו ריזיקער באַרג פון יסורים וואָס דו קומסט צו רייטן אויף אַ קליינעם נישטיקן צאָן. ווי וווּנדערלעך דו ביסט.

## XL

פרייהייט. פרייהייט אומעטום. יעדע רעגירונג האָט אַזוי פיל פרייהייט וויפיל זי קאָן צונעמען ביי אירע בירגער און יע= דעס פאָלק האָט אזוי פיל פרייהייט וויפיל עס קאָן צוריקקריגן פון איר רעגירונג. אמעריקע איז דאָס לאַנד פון פרייהייט. נישט נאָר פון איין געוויסן סאָרט פרייהייט נאָר פון אַלערליי פרייהייטן. מיר האָבן דאָ אַזויפיל פרייהייטן אַז אַ טייל פון זיי וואַלגערן זיך איינפאַך אונטער די פיס און קיינער קוקט זיך אַפילו נישט אום. מיר האָבן דאָ דעם גרעסטן טייערסטן אויס= וואַל פון פרייהייט און אַלערליי נומערן און פאָרמאַטן אין אַלער= ליי פאַרבן און מוסטערן. ווילן עטלעכע לומפּנזין די פרייהייט צו לינטשן אַ פ ר ע נ ק ל י ט ל האָבן זיי עס. ווילן אַנדערע די פרייהייט צו צעקנעפּלען מיט זייערע שיך די קעפּ פון אַ נעגערקינד האָבן זיי עס. וויל אַ שיינע דאַמע די פרייהייט אַ ביסל דורכצושיסן איר געליבטן קען זי עס באַקומען. וויל אַ חזיר=טאָפּ=דיפּלאָמאַט די פרייהייט אָנצורופן אַלע פּאַציפיסטן מיט נידערטרעכטיקע נעמען קאָן ער עס באַקומען. אהער. אַהער מיינע הערשאַפטן. מיר האָבן דעם גרעסטן אויסוואַל פון פרייהייט וואָס איר האָט ווען עס איז געזען. און נישט טייער. אַלץ וואָס

איר דאַרפט באַצאָלן דערפאַר אין עטלעכע פאַטריאָטישע פראָזענמינצן. עטלעכע הויב מיט דער פאָן אַך מיר טרינקען זיך דאָ איינפאַך פון פרייהייט.

## *XLI*

מיין פריינט. אויב עמעצער באַליידיקט דיך זעץ דיך אַוועק און וואַרט אומגעפער אַכציק יאָר וועסטו דיר דערלעבן אים די גרעסטע נקמה. ער וועט שטאַרבן. אויב עמעצער גנעמט ביי דיר צו דיין ברויט קלאָג אים נישט אָן. זעץ דיך אַוועק און וואַרט אומגעפער אַכציק יאָר וועט ער באַקומען זיין שטראָף. אויב עמעצער גיט דיר איבערן קאָפּ מיט אַ שטיק האָלץ טראַכט וואָס פון אים וועט נעבעך ווערן מיט אַן אַכציק יאָר שפעטער און האָב אויף אים רחמנות. אויב עמעצער צינדט אונטער דיין הויז און אַנטלויפט מיט דיין צירונג לויף אים נישט נאָך פערזענלעך. אומזיסטע מי. עמעצער לויפט אים שוין נאָך מיט אַ מעסער אין האַנט און ער וועט אים כאַפּן. פריער אָדער שפעטער. מיין פריינט. זיי גענעדיק צו אַלע וואָס טוען דיר שלעכטס ווייל אויך זיי ווערט נעבעך שלעכטס געטון און לאָז די צייט זיך נוקם זיין דיין נקמה. זי וועט עס נישט פאַרפעלן צו טון.

## *XLII*

שלאָגט די רייפן אויף. לאָזט דעם וויין אַרויס. דאָס פאַס איז אַלט. דאָס פאַס איז קלוג. דאָס פאַס איז מיד פון זיין רויטער לאַסט און עס וויל פריי ווערן. שלאָגט מען די רייפן אויף שפריצן די ווייַנשטראַלן ארויף. און דער פייכטער קעלער ווערט זיס מיט רויטן ווייַנגערוך. און די ווענט ווערן באַזויפן און גייען אַ טאַנץ. און די קעלער-סטעליע נעמט זיך אָן פאַר די הענט מיט דעם דיל און זיי גייען אַ טאַנץ. און די רייפן פּלאַצן. און דער וויין לויפט און זינגט. און אַ מבול פון רויטקייט נידערט אַראָפּ אויף דער ערד. נעם ברודער דיין האַרץ

אַרויס באַד עס אָפּ אין דעם רויטן ווײַן וועט ער שיכּור ווערן און נעמען זינגען הללויה און טאַנצן מיט אַ שיכּור האַרץ און מיט רויטע הענט. די רייפן שפּרינגען. די הייזן זענען שטאַרק. דאָס פאַס איז פונם ווײַן צעגאַנגט און צעריסן. און די פאָרם איז געוואָרן א י נ ה אַ ל ט. און דער אינהאַלט איז געוואָרן פאָרם. דער קעלער איז פול מיט ווײַן. און דאָס פאַס ווערט דערטרונקען אין זיך זעלבסט. און דער קעלער זופט זיך אָן מיט ווײַן און ווערט שיכּור און פאַלט. און מיט אים פאַלט אויך דער שיכּורער פונדאַמענט. פאַלט אויך דאָס שיכּורע הויז. גאָטס שטראָף.

## XLIII

אתרוגים שמעקן אָנער די וואָס שמעקן די אתרוגים שמעקן נישט. מ ײ ן ג אָ ט א ו ן ה ע ר. אתרוגים האָבן אַ הערלעכן דופט האָבן זיי נישט קיין נעז. מענטשן האָבן נעז האָבן זיי נישט קיין הערלעכן דופט. פאַרוואָס זאָל דאָס אַזוי זײַן. פאַרוואָס זאָל דער מענטש נישט דופטן ווי אַ ציטרין און פאַרוואָס זאָל זײַן אָטעם נישט זײַן אַזוי ריין ווי דער ווינט וואָס קומט פונם באַרג לעבאַ=נאָן. פאַרוואָס זאָלן זיי=נע ציין נישט זײַן קיין ליליען=גאָרטן און פאַרוואָס זאָל ער זיך נישט שאָקלען אינם ווינט ווי אַ שלאַנקע פאַלמע. פאַרוואָס זאָל דער מענטש וואָס איז באַשאַפן געוואָרן אויף צ ו א ר ב ע ט ן און שלאָפן און פאַרוואָס זאָלן די שווייצער=קעזלעך וואָס זענען באַשאַפן געוואָרן אויף אַרומצוגיין ליידיק נישט קאָנען צומאַכן זײַן אויג. ווו איז יושר. מענטשלעכקייט. לאָגיק. רחמנות.

## XLIV

אונטערן קישן האָט געקלאַפּט מײַן זייגערל און איך האָב געמיינט אַז דאָס איז מײַן האַרץ. איך האָב מיך דערשראָקן. עס

האָט געקלאַפּט אַזוי הויך אַזוי אומרויק. איז מיר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק ווי אַ מויז מיט קאַלטע פּיסלעך. אפשר בין איך געפערלעך קראַנק אפשר וועל איך שוין לאַנג נישט ציִען. איך בין דאָך אַזוי יונג. האָב איך געוויינט מיט טרוקענע טרערן. און איך האָב דאָך נאָך כמעט גאָרנישט געזינדיקט. און עס איז מיר געקומען אויפן זין אַז איך האָב געלעבט זייער נאַריש. פאַרשווענדן מיין ביסל יאָרן אויף ערלעכקייט אויף אמת־זאָגעריי אויף אַנשטענדיקייט. פוי ווי געמיין דאָס איז. ווי אידיאָטיש. דאָס פאַרגעסענע טאַשן־זייגערל האָט געקלאַפּט אונטער מיין קישן אַלץ העכער און העכער אַלץ דייטלעכער. איך האָב געזען אַז ס'איז פאַרפאַלן. עס איז שוין פאַר מיר נישטאָ קיין הילף און איך האָב נאָר געבעטן גאָט אַז איך זאָל מיך נישט דאַרפן לאַנג מוטשען. אַנגסטן האָבן מיך באַשלאָגן. אַלע געשטאָרבענע יאָרן מיינע זענען דורכגעגאַנגען פאַר מיר מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ פאַרשעמטע באַליידיקטע שלעכט־באַהאַנדלטע. אַ גאָט האָב איך אַפּעלירט צום הימל איידער איך שטאַרב לאָמיך כאָטש איינמאָל האָבן דאָס פאַרגעניגן פון גנבענען אַ זילבערן לעפעלע אָדער פון איבערפאָרן אַ מענטשן און אַנטלויפן אָדער פון זאָגן אַ שמוציק וואָרט צו אַן אומבאַקאַנטער דאַמע מיט פּענסנע. איך האָב שטענדיק האָב איך געזאָגט צו גאָט געהאַט אַ פאַרלאַנג דאָס צו טון אָבער איך האָב עס אַלץ אָפּגעלייגט אויף שפּעטער אויף שפּעטער און איצט איז געוואָרן צו שפּעט. מיין האַרץ קלאַפּט אַזוי שנעל. איך האָב מיך געוואָלט צעוויינען אַזוי לייטיש אָבער דאָ האָב איך מיך דערמאָנט אַז מיין האַרצקלאַפּן קומט נישט פון מיר פערזענלעך נאָר פונם זייגערל וואָס ליגט אונטער מיין קישן און דאָס האָט מיך געראַטעוועט.

## XLV

ווי אַזוי האָט עס פּאַסירט. עס האָט אויסגעבראָכן אַ גרויסער שלאַקסרעגן איז ער אַוועק אויפן גאַנעק פון דעם נאָענטסטן

הויז איז אַרויסגעקומען אַ אַלט פרויענצימער מיט אַ בעזעם אין האַנט און באַמערקט אַז סע רעגנט. ווי אַזוי עס האָט געקענט פּאַסירן. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויפֿן גאַנעק און געוואָלט איבערוואַרטן דעם רעגן. מיט אַמאָל האָט אָנגעהויבן שרעקלעך צו בליצן און צו דונערן. עס איז אַרויסגעקומען אַ יונגע בילדשיינע פרוי קיין שענערע ווי בילדשיינע פרויען זענען הפנים נישטאָ און אים געזאָגט אַז זי האָט מורא צו זיין אַליין אין שטוב ווען סע דונערט. איר מאַן איז איצט נישטאָ אין דער היים. אפשר וויל דער הער זיין אַזוי פריינטלעך און אַריינגיין. ער גייט אַריין און זעצט זיך. זי ערקלערט אים אַלע ווייל אַז איר מאַן וועט ערשט אַהיימקומען אַרום זייגער צוועלף ביינאַכט. איצט איז ערשט אַ פערטל צו זיבן און אַזוי ווייטער. מיט פּינטעלעך. ווען אַלצדינג וואָלט געווען אַזוי ווי עס וואָלט געקענט זיין. עך,

XLVI

איז ווייניק וואָס מזעט זיך אָן אַ גאַנצן טאָג מיט מענטשלעכע פּנימער און מ'איז שוין אַזוי מיד פון זיי גייט מען ערשט אַוועק אין אַ קונסט גאַלעריע און מקוקט ווייטער אויף דיזעלבע איבערדריסיקע מענטשלעכע געזיכטער. איז ווייניק וואָס מ'הערט זיך אָן אַ גאַנצן טאָג טיט די קלוגהייטן פון אַלערליי מענטשן גייט מען נאָך אַהיים און מ'זעצט זיך אַוועק און מ'לייענט דיזעלבע איבערדריסיקע קלוגהייטן פון אַ בוך אַרויס. איז ווייניק וואָס דאָס אויער ווערט אַ גאַנצן טאָג געמאַטערט און געפּלאָגט פון אַלערליי קלאַנגען און טענער טראָגט מען עס ביינאַכט אַוועק אין דער אָפּערא ווו מהערט נאָך אַ קאַפּעטשקע קלאַנגען. איז ווייניק וואָס דאָס לעבן אַליין איז אַזוי עלענטלעך און פאַראומעטיקט און געלאַנגווײלט און אוממעגלעך באַשרייבט מען עס נאָך אין די צייטונגען מאָלט מען עס אין בילדער באַזינגט מען עס אין לידער. איז ווייניק וואָס מען דאַרף געניסן פונם לעבן

דאַרף מען נאָך געניסן פון דער קונסט וואָס קרימט איבער דאָס לעבן. הער גאָט אין הימל.

## XLVII

איך און מיין פרוי זענען צוויי פרעמדע מענטשן. זי קען מיך נישט און איך פאַרשטיי זי נישט ווי וויל מיר לעבן שוין צוזאַמען מער ווי פופצן יאָר און דאָס איז אַ וואונדערבאַר געפיל. וואָס קאָן זיין בעסער שענער אָנגענעמער ראָמאַנטישער ווי צו לעבן מיט אַ פרעמדער פרוי. אַנדערע מאַנסלייט ווערן מיד פון זייערע פרויען און אַנטלויפן מיט פרעמדע ווייבער. אַז איך ווער מיד פון פרעמדע ווייבער אַנטלויף איך צו מיין אייגענער פרוי וועלכע איז מיר פרעמדער ווי אַלע פרעמדע פרויען. ווי גוט עס איז צו לעבן מיט אַ פרוי וואָס קען דיך נישט. ווי דויערהאַפט עס איז די ליבע צווישן אַזוינע צוויי מענטשן. פאָרט אַ פרעמדע טראַכסטו און דו קושסט זי מיט אַזוי פיל ליבשאַפט און דו האָסט דערביי דאָס אָנגענעמע געפיל אַז דו זינדיקסט מיט אַן אומבאַקאַנטער דאַמע.

## XLVIII

שרייבן, שרייבן, שרייבן. ביז אין לעצטן לעצט אַריין. ביז אין דער אייביקסטער אייביקייט. די פינגער אין דער טינט-שיסל. פאַרשמיר איך מיר די אויגן און איך שרייב. און כ'זע נישט וואָס איך שרייב. עס אַרט מיך נישט. איך דאַרף בלויז אַרומר שוואַרצן אַזויפיל און אַזוויפיל בלעטלעך דרוקפּאַפּיר יעדע וואָך אַרומרינגלען מיט אותיות אַזוי פיל ליידיקייטן. ווייטער גייט עס מיך נישט אָן. דער מוליער מוליעט. דער הענקער הענקערט. דעט שריפטשטעלער שרייבט. פרנסה האָבן מיר אַלע. די גאָטהייט זאָרגט ב״ה פאַר אַ מינדסט ווערימל. זי גיט אַכטונג עס זאָל צעטרעטן ווערן אין צייט.

## XLIX

דאָס טעאַטער קאָפּירט דאָס לעבן. גוט. איז אָבער אַ פראַגע אויב דאָס לעבן איז אמת קאָן דען אַ ק אָ פּ י ע פונם אמת זיין אמת. און אויב דאָס לעבן איז נישט אמת טאָ צו וואָס ק אָ פּ י ר ן אַ ליגן ווען מען קאָן אים אַ סך שענער א ו י ס ט ר אַ כ ט ן. און אויב דאָס לעבן איז אַ ליגן דאַן זענען די ליגנערישע דראַמאַטורגן די א מ ת ע אמת-זאָגער ווייל זיי לייקענען אָפּ דעם ליגן. אויב דאָס לעבן איז שיין און ווונדערבאַר טאָ צו וואָס זיצן אין טעאַטער און דאָרט באַטראַכטן דאָס ברעקל לעבן וואָס ווערט דאָרט פאָרגעשטעלט ווען אויף יענער זייט פון די טעאַטער-ווענט איז דאָס לעבן אַ סך מער. און אויב דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבן איז מיאוס און לאַנגווייליק און אָן פאַרב טאָ מיט וואָס איז אַ ביליאָנט-הלק פונם זעלבן לעבן פאַרביקער און שענער און אינטערעסאַנטער. קאָן דען דער שפּיגל זיך אַליין אָפּשפּיגלען. אינם העלגעשליפענעם ליגן שלומערט דאָס געזיכט פונם לעבן. נאָר דורכדעם וואָס איז מ ע ר ווי אמת קאָנען מיר זען די קליינע גרויע נאַרישע אויגן פונם אמת.

## L

על-חטא. מיר זענען דיר מוחל גאָט פאַר דיינע זינד וואָס דו האָסט באַגאַנגען געגען אונז יעדן טאָג פון אונזער לעבן. מיר זענען אַן איש-רחום-וחנון. מיר פאַרגיבן. מיר טראָגן נישט טיין ביין האַרץ אויף קיינעם אַפילו נישט אויף גאָט. מיר ווייסן ל י ב ע ר ג אָ ט דו האָסט געקאָנט אַ ווונק טאָן מיטן אויג און אונזער מוטער וואָלט נישט געשטאָרבן אָבער דו האָסט עס נישט געטאָן זענען מיר דיר מוחל דיינע זינד. טויזנטער מענטשן האָסטו געקענט ראַטעווען יעדן טאָג ל י ב ע ר גאָט אָן שום אָנשטרענגונג פון דיין זייט אָבער דו האָסט עס נישט געטאָן פאַרדריסט עס אַביסל אָבער מיר פאַרגיבן דיר. פאָרט נישט מער ווי אַ זינדיקער גאָט. און האָסט נישט מיט וואָס צו פאַרווײַלן די צייט. מיר פאַרשטייען דאָס אַלצדינק. מיר ווייסן וואָס דאָס הייסט האָבן צו טון מיט מלאכים וואָס האַלטן

אין איין פאַרקלאַפּן דעם קאָפּ מיט זייערע באַנאַלע לידער און ווי נערוועז מען קאָן ווערן דערפֿון. פאַרגיבן מיר דיינע זייד ליבער גאָט פונקט ווי מיר האָבן דיר פאַרגעבן פאַראיאָרן און פאַר צוויי־יאָרן און פאַר דריי־יאָרן. מיר זענען זייער אַ באַרמהערציקער מענטש. אין דער מינוט וואָס מען רירט אונז אָן איז אש להבה. אָבער שפּעטער אַ ווײַלע אַז מען מאַכט פאַר אונז אַ קרומע מינע פאַרגעסן מיר אַלצדינק און מיר זעען פאַר זיך בלויז די פאַרוויינטע אויגן פון אַ בעטנדיקן גאָט וואָס האָט חרטה אויף זיינע זינד.

## LI

אַ קערנדל פון אמת איז אויף מיין האַרץ געפאַלן איז עס געווען קליין און נישט צו באַמערקן. האָב איך עס מיט מיין האַרצזאַפט געשפּייזט, מיט מיינע פרעמדלענדישע חלומות באַשאָטנט. מיט דער זון פון מיינע אויגן געוואַרעמט און עס איז דערפון אַ שיינע גרויסע פאַרבנרייכע פלאַנץ אַרויסגעוואַקסן. מיט וואונדערבאַרע בלעטער און שטאַם־צווייגלעך מיט רויטע און איידעלע פלאַנץ־אָדערן מיט זעלטענע ליניען און בויגונגען. און די דאָזיקע פלאַנץ וואָס איז פון טרוקענעם האַרטן אמת־קערנדל אַרויסגעוואַקסן איז פאַר אַלעמען אַ בענשונג געווען. זיינע איידעלע פאַרבן האָבן ס'אויג געגלעט און די פיינקייט און פאַרפלאָכטנקייט פון די פלאַנץ־אָדערהאָט אַלעמענס באַוווּנדערונג אַרויסגערופן און אַלעמענס פרייד. נאָר עס האָט פּאַסירט אַז פּלוצים איז פון ערגעץ־ווו אַן אַלטער און פאַרטרוקנטער אמת־קענער אָנגעקומען. זיינע אויגן זענען געווען פלאַך און קאַלט. אָן שוואַרצאַפּל. סע האָט פון זיי אַ טויטע נשמה אַרויסגעקוקט. אַז ער איז צוגעקומען נאָענט און באַטראַכט די דאָזיקע רייכנפאַרביקע פלאַנץ וואָס האָט פון דעם טרוקענעם קערנדל אמת אַרויסגעבליט האָט ער זיך פאַרן אַלטן קאָפּ געכאַפּט און אויסגערופן דאָס איז נישט דער ריינער אַל־טרוקענער אמת. דאָס איז אַ פאַלשונג. אַן איבערטרייבונג. אַ פאַרגרעסערונג פון דעם קליינעם

קערענדל וואָס איז אויף אַ מענטשן=האַרץ געפֿאַלן. דער אמת אַליין איז קיינמאָל נישט אַזוי שיין אַזוי פֿאַרביק נישט אַזוי אָנגענעם. דאָס איז אַ פֿאַלשונג. און מענטשן אַזוי דערציילט דער דיכטער האָבן דעם שטרענגן אמת=קענער מיט חוזק=בליקן נאָכגעקוקט און געלאַכט. וואָס אַרט זיי דער טרוקענער שטרענגער אמת ווען דער איבערטריבענער איז פֿיל אינטערעסאַנטער.

## LII

זענען מיר געזעסן ביי אַ ווייַנטישל און גערעדט וועגן דער שעדלעכקייט פֿון אַלערליי שאַרפֿע געטראַנקען. האָבן מיר דעם קוויקענד=שעדלעכן וויין געזופֿט די שעדלעך=אָנגענעמע ציגאַרן גערויכערט און שעדלעך=ליידנשאַפֿטלעכע חלומות געטרוימט. האָט דער וויסנשאַפֿטסמאַן פֿון אונזער קרייז די לעצטע טראָפּנס פֿון דעם ווייַנגלעזל אויף זייַנע ליפּן אויסגעטרייסלט זיך די וואָנצן אָפּגעווישט און געזאָגט אַלקאָהאָלישע געטראַנקען זענען פּאָזיטיוו אַ קללה פֿאַר דער מענטשהייט עס גרייפֿט אָן דאָס האַרץ. עס פֿאַרסמט דאָס בלוט און עס איז זייער שעדלעך פֿאַרן געזונט. לחיים. און איך האָב געענטפֿערט לחיים. עס איז אפֿשר אמת אַז וויין איז שעדלעך פֿאַרן געזונט אָבער דאָס איז דאָך נישט אין פֿאַרגלייך מיטן לעבן זעלבסט. וואָס איז נאָך שעדלעכער פֿאַרן געזונט ווי דאָס לעבן. וואָס רויִנירט און גראָבט אַזוי אונטער דעם מענטשלעכן קערפּער ווי דאָס אָטעמען און דאָס שלאָגן פֿון די פּולסן. וואָס עלטערט נאָך אַזוי אָפּ דעם מענטש ווי דאָס עקזיסטירן. וואָס טרייבט נאָך אַזוי אין דרערד אַריין ווי דאָס אַזויגערופֿענע דאָ-זייַן. פֿונדעסטוועגן וועט קיינמאָל נישט אייַנפֿאַלן צו גרינדן אַ פּאַרטיי אויף אָפּצושאַפֿן דאָס לעבן און צו באַשרענקען דאָס אָטעמען. און פֿונדעסטוועגן וועט קיינעם נ׳שט קומען אויפֿן זין אַז דערפֿאַר וואָס דאָס לעבן איז שעד=

לעך פאַרן געזונט זאָל מען עס צעפירן מיט וואַסער און נאָר געניסן עס פון צייט=צו=צייט און ביי זעלטענע געלעגנהייטן. לחיים מיינע הערשאַפטן.

## L*III*

ברודער שריפטשטעלער. דורך דער קלענסטער נשמה מוזטו דורכגיין ווי דורך אַן אויג פון אַ נאָדל. דורך יעדן ענגן געהירן מוזטו דורכציען. דורך יעדער שמאָל האַרץ מוזטו זיך דורכפּלאַטערן. און וואָס בלייבט פון דיר ווען דו קומסט אַרויס א דורכגעלעזענער. דער פיינער שמעטערלינג=שטויב פון דיינע געדאַנקען=פליגל ווערט פון די רויע פינגער אָפּגעריבן און וואָס בלייבט. גאָרנישט. שטערן=און=לבנה=שימער דורך אַ גראָבן זאַק. שנייפייערן דורך רויכערדיקע לאָמפּן. דער איידלסטער געדאַנק קומט אַרויס פאַרשמירט דורכגעלעכערט צעבלוטיקט פאַרציטערט. צו זיין אַ שעקספּיר מוז מען געפעלן ווערן די לעזער די פרעמדסטע די ערגסטע די פאַרשלאָפנסטע. דער רום פון היינריך היינע שטייט איין אין די הענט פון נאַפט=סוחרים. די אומשטערבלעכקייט פון קעניג=שלמה וווינט אין די הערצער פון גמרא=מלמדים. ווי טרויעריק דאָס איז.

## L*IV*

באַטראַכט די שפין. זי לויפט אַרויף=און=אַראָפּ איבער איר אייגענער בריק איבער די פעדעם וואָס קומען אַרויס פון איר לייב. אַליין די בריק אַליין דער א י ב ע ר ג י י ע ר איבער דער בריק. און ווען די שפין ציטערט אין דער לופטן אויף אַ דינעם פאָדעם ,ווייסט זי אַז אַלצדינג וויגט זיך אַרום איר און קיין זאַך שטייט נישט אויף אַן אָרט. דער גאַנצער אוניווערזום ט ר אַ כ ט ד י ש פּ י ן הענגט אויף אַ פאָדעם און דער

פאָדעם טראַכט זי איז מיינער. נאָר באַלד קומט אַ לייכטער ווינט און רייסט איבער דעם פאָדעם. די שפּין פאַלט. זי פילט די האַרטע ערד אונטער איר בויך אָבער זי ווייסט אַז דאָס איז נישט די אמתע וועלט, די אמתע וועלט א י ז ז י א י ב ע ר צ יי ג ט איז געווען אויפן פאָדעם אין דער לופטן און קיום איז דער פאָדעם צעריכן איז אַלצדינג געענדיקט. און די נאָנטע פריינט פון דער שפּין וואָס העגגען אַרום איר אויף דינע פעדעם צוגעפעסטיקט צו אַ בוים קומען זיך צענויף און באַקלאָגן דעם טויט פון זייער מיט-שפּין וואָס איז אַראָפּגעפאַלן פונם שפּינוועבס.

## LV

טינטפלעקן אויפן ווייסן פּאַפּיר. בלאָע מיסטעריען. וווּנדער פיגורן. הייליקע סימבאָלן. רעטענישן. איך קוק אויף די ווערק פון מיין שרייבנדיקער האַנט און איך קען זיך נישט אָפּחידושן פון זייער ענלעכקייט צו זאַכן וואָס לעבן און אָטעמען. און דאַרף דען דער שרייבער עפּעס מיינען מיט זיין שריפטשטעלונג. און איז דען דאָס טיפגעמיינטע מער טיף, מער וווּנדערלעך ווי דער בוכשטאַב אַליין. מיינע טייערע געליבטע בוכשטאַבן. איך קוק אויף אייך איר זענט אַליין געדאַנקען. איר זענט אַליין לידער. איר זענט אַליין אַזוי פול מיט אינהאַלט. איך קוק אויף דער לאַנגגעצויגענער ל מ ד און איך דערמאָן זיך אָן אַ שיף וואָס ציט זיך איבערן ים און סע זעט זיך בלויז אַ לענגלעכער קוימען פון וועלכן עס שלענגלט זיך אַ רויך. איך קוק אויף דער סטאַטעטשנער האַנטגעשריבענער ב י ת און איך זע אַ ברייטברוסטיקע קאַטשקע וואָס שווימט אויפן וואַסער אַזוי גראַציעז. איך קוק אויף דער טראַגישער לאַנגער צ ד י ק און איך זע דעם קרייץ און אויף אים דער געקרייציקטער. איך האָב ליב די פליענדיקע קרומע נונע וואָס נעכטיקן נישט אין נאָנטע נעסטן. איך האָב ליב די זיצנדיקע „פּ" וואָס זעט אויס ווי אַ פוילער טערק וואָס זיצט מיט די פיס אונטער זיך און פּיפּקעט אַ פּיפּקע. איך האָב ליב די געדרוקטע א ל ף וואָס דערמאָנט אָן אַ פאַנטאַסטישער חינט-מיל ערגעץ אין

האָלאַנד-לאַנד. איך האָב ליב די שטאָלצע שבתדיקע שין וואָס שטייט
שמונה-עשרה און האַלט אירע צוויי קינדער אויף די שוואַכע הענט.
איך באַוווּנדער די גימל וואָס איז אייביק גרייט צו גיין ערגעץ אי-
גאַנץ וועג אַריין. טינט פלעקן אויף פּאַפּיר איך האָב אייך ליב און
איך שרעק מיך פאַר אייך. איבערהויפּט פאַר דעם שגץ דעם צדיק
וואָס שטעלט זיך אוועק אַזוי שטאָלץ מיט די הענט אין די קעשע-
עס און הערט אַלעמען ווי די קאַץ. וווּנדערבאַרע אותיות. אָפּטמאָל ווען
מיין הארץ איז שווער פאַרברענג איך מיט אייך אַ לאַנגע צייט און
איך ווייס נישט וואָס איר ווילט. אייער שפּאַרך איז מיר אַזוי
נישט פאַרשטענדלעך ווי דער הימל ווי די ערד ווי די לבנה. אָבער
איך האָב ליב צו קוקן אויף אייך גלאַט אַזוי. איך ווייס אַז ע מ י -
צ ע נ ס אַ האַנט האָט דורך אייך געוואָלט עפּעס זאָגן. אפשר גע-
וואָלט באַווייזן זיין גאָטלעכקייט. אָבער דאָס גייט מיך נישט אָן.
איך בין פאַראינטערעסירט אין א יי ך אַ ל יי ן איר נישטיקע אומבאַ-
האָלפענע אותיות. אין אייך אַליין זע איך שיינקייט געדאַנק פאָרם
צונויפגעטלעכקייט.

## LIV

קעגן אַרגומענט. אָפּט הער איך ווי די אותיות אין דעם וואָרט
ג אָ ר נ י ש ט קריגן זיך צווישן זיך. די גימל זאָגט אַז זי איז שע-
נער פון דעם שין און די אַלף טענהט אַז זי איז וויכטיקער פון דעם נון
און די טעס טענהט אַז אָן איר קען מען נישט שפּילן קיין טעאַטער.
אַזוי טענהן צווישן זיך די איינציקע אותיות פונם אלף-בית. דאָס פירט
אָפּט צו געשלעג. צו קנאה-שנאה. צו אונטער-אלף-בית פּלאַנטערס. צו
מלחמה. ווייל אותיות זענען אַזוי ווי מענטשן. אַזוי אומגליקלעך צע-
טיילט. אַזוי טראַגיש-צעאיינציקט. אַזוי אָן אַן אייגענעם ציל. זיי פאַר-
שטייען נישט אַז אַלע א י נ אַ יי נ ע ם זענען קוים איין אידעע וואָס
מיינט אויך גאָרנישט. ווער שמועסט שוין אַז זיי זענען באַזונדער.

אויף דריי פאַכן האָט גאָט איינגעטיילט די ערד. אויף דריי פאַכן. ווייל די וועלט איז הפנים נישט קיין זייער וויכטיקער ענין און מער ווי זעקס טעג פון זיינע ע ל ף - מ י ל י אָ ן - א יי ב י - ק יי ט ן האָט ער נישט געקענט אַוועקגעבן פאַר איר באַשאַפונג. האָט ער דעריבער עקאָנאָמיזירט. געזען צו מאַכן זי וואָס געדיכטער וואָס פּראַקטישער. האָט איינגעטיילט ווי מ י ר ה אָ ב ן ש ו י ן ג ע ז אָ ג ט די ווונדערבאַרע וועלט אין דריי פאַכן. אונטן. אין דער מיטן. אויבן. אַ מין סאָרט אוניווערסאַלער טעאַטער. באַלקאָנען און גאַליעריען. און דער הער גאָט ווי איר זעט האָט גוט אויסגע־רעכנט. ער האָט געוווסט אַז זיין וועלט וועט זיין אַ גרויסער ערפאָלג די אונטער ערד איז פול געפאַקט מיט גאָטס אָרעמע ווערעם. די פלאַך איז פונקט אזוי געפּאַקט מיט מענטשן און וויזעלטירן און די הויך מיט פויגל און פליגן. אויף דריי פאַכן האָט גאָט איינגעטיילט זיין ריזיק וועלט-טעאַטער און אומעטום איז פול געפּאַקט און מ׳באַ־צאָלט מיטן לעבן כדי זיך אַריינצוכאַפּן צו דער נישט-געלונגענער פאָרשטעלונג ווי אַלע שוויצן און שטופן זיך און קענען נישט גע־פונען די ריכטיקע פלעצער און ס׳איז פינסטער און דער פירער איז נישטאָ וואָס זאָל צונעמען די בילעטן און ווייזן אַקוראַט ווו מ׳דאַרף זיך אַוועקזעצן. אויף דריי פאַכן האָט גאָט איינגעטיילט די שיינע וועלט און אַלע זענען באַזעצט ביז צו דער סטעליע און צוריק. ס׳איז אַ געוואַלדיקער ערפאָלג. נאָר אַמאָל מאַכט זיך אַז עמעצער גיט אַ קליין געשרייעלע פ יי ע ר. דעמאָלט טיילן זיך אָפּ די פאַכן. דעמאָלט קריכן די פייגל אַראָפּ פין דער גאַלעריע. און די ווערעם קריכן אַרויס פון דר׳ערד און עס מישט זיך אַלץ צעניף. מענטשן ווערעם פליגן פיפערנאָטערס פליאָנדרעס אָדלערס רויב-פייגל אַקטיאָרן שמעטערלינגען. און סע ווערט פריילעך.

## LVIII

דאָ אויפן טיש אויף אַ טאַץ ליגן ברויט און עפּל. אָנגעוואָרפענע שטיקלעך פּאַפּיר. נאָטיצן. עס רעגנט רעגנט רעגנט. און מיין וועלט איז אַזוי טישיק. אַזוי ברויט=און=עפּלדיק. דאָס אויג איז פול מיט אַזוי פיל גרענעצן און ווינקלען. און עס רעגנט רעגנט רעגנט. עס צעשמעלצט זיך די וועלט אין אַ קאַלטן און לאַנגווייליקן געפּליס. וואַסערפּערל זענען אָנגעהאָנגען אויף די שויבן פון מיינע פענסטער. טעלאַנכאָלישע וועלט=אמתן רינען מיר אין די אָדערן אריין אַזוי גראָ און וואַסערדיק ווי דער היינטיקער טאָג וואָס טרינקט זיך אין די רעגן-רינגען און פּערלפלאָגטער פון בלישטשנדיקער נראָקייט. רעגן רעגן רעגן.

## LIX

די גאָטהייט שלעפּט אונז דו־ך דער צייט ווי אַ פּאַסטאַך שלעפּט אַן איינגעשפּאַרטן שעפּס פאַר די הערנער. מיר קאָפּען מיט די פיס און מיר מאַכן מע אין לידער און אין פּראָזע. מיר ווילן נישט גיין אַהין און מיר ווילן נישט גיין צוריק. מיר ווילן נישט קיין היים און מיר דאַרפן נישט קיין דרויסן. מיר ווילן נישט גיין אויפן גלייכן וועג און מיר האָבן מורא צו בלאָנדזשען. דעריבער שטייען מיר און מאַכן מע. ל י ר י ש און ע פּ י ש. ציניש און סענטימענטאַל. פילאָזאָפיש און טעאַטראַליש. אָבער אַלע מאַכן מיר מע בשעת משלעפּט אונז דורך דורך דער צייט ערגעץ אין דער ליידיקייט אריין. מיר ווייסן נישט פאַרוואָס און פאַרווען. מיר ווייסן נאָר אַז נאָכדעם ווי מיר האָבן אַזוי אָפּגעמעקעט אַ געוויסע צייט ווערן מיר אַנשוויגן. נישט ווייל מיר זענען דערגאַנגען צו אַ עפּעס אַ ציל נאָר ווייל מיר האָבן שוין נישט מיט וואָס צו מעקען. דאַן קומען אַנדערע נאָך אונז מאַכן ווידער מ ע און משלעפּט זיי ווידער ביי די הערנער און משטופּט זיי אונטער. אָבער אַלע

צייען זייער שאָפּנגאַנג. אַלע מאַכן מ ע. דער חילוק איז נאָר וואָס איינעמס מע איז מער מוזיקאַליש ווי דעם אַנדערנס. אָדער לירישער. אָדער טיפער.

# L*X*

ווען סע גליט דער פראָסט זיץ איך ביים אויוון און קוק אויף דעם פייער וואָס ברענט פון מיינעטוועגן. דאָס שיינע ליבע פייער  ט ר אַ כ ט  איך עס ברענט פון מיין פאַרגעניגן וועגן פונקט ווי איך אַליין ברען פאַר דעם פאַרגעניגן פון מיינע לעזער און פונקט ווי מיינע לעזער ברענען פאַר דעם פאַרגעניגן פון עמעצן אַנדערש. פונקט ווי מיר אַלע ברענען פאַר דעם פאַרגעניגן פון עפּעס אַ וווייטן און פרעמדלעכן גאָט. און פונקט ווי אַלע געטער ברענען פאַר דער שיינקייט פון דער וועלט. פייער דו מיין פייער דו מיין. איך קוק ווי דו ברענסט זיך אויס און ווי דו ווערסט פאַרלאָשן אין דעם פינסטערקוואַל. בעת דו זשיפּעסט און לעבסט זינגסט און פרייסט זיך קומט אויף דיר  ב אַ ה אַ ל ט ע נ ע ר ה י י ט  פון ערגעץ אַ טונקעלע כוואַליע וואָס פרעסט דיך אויף און דערשטיקט דיין פייער געדאַנק און פייפט אַ טייפל־ליד דורכן קוימען אַרויס. אָ פייער דו מיין. איך זיץ און איך רויכער מיין ליולקע און איך הער ווי אין דרויסן קנאַקן די ביינער פון דעם פראָסט וועלכער ראַנגלט זיך מיט זיין שונא. אַ טשאַטע ווילדע ווינטן שרייען נאָ געוואַלד. די שוואַכערע פון זיי וויינען אַז מ'זאָל זיי לאָזן אהיים־גיין. און דו מיין פייער קרעכצט און באַהאַלטסט זיך. דיין פנים ווערט גראָ ווי אַש. דיין האַרץ ווערט פינסטערער און קאַלטער. וועסטו אויפהערן מער צו זיין געטריי דו פייער. ווועסטו אויפהערן צו וואַרעמען מיין לייב. שיין בלאָנד פאַלש פייער דו מיין.

## LXI

איך לעז וועגן שפּאַניען. ערגעץ אַ שטעטעלע לעבן מאַדריד. דער באַלעבאָס איז אַ בעקער מיט אַ בלייך איילבירטן־פּנים. ער קאָן זיך נישט אָפּחידושן דערפון וואָס מיר קומען פון אַזוי ווייט אַזש פון מאַדריד. זיין פרוי גיט אונז וויין און פייגן. ער דרייט זיינע שיינע וואָנצן און פרעגט מיט גרויס תּאָמפּ ווי סע פּאַסט פּאַר אַ שפּאַניער וואָס מאַכט דאָן פערנאַנדאָ. און דאָנאַ אַנאַ. און די סעניאָריטאַ. מענטפּערט אַז די סעניאָריטאַ איז שוין נישטאָ. און דאָן פערנאַנדאָ זיצט כסדר אויף דער פּריזבע און וואַרעמט זיך. דעם שפּאַניערס פרוי ווישט זיך די אויגן מיט דעם שיינעם פאַרטעך. און אַלע גייען אַוועק צו דעם הייליקן שטיבל ערגעץ אויף אַ בלאָטיקן באַרג. דער שפּאַנישער בעקער זאָגט דאָס איז די שענסטע געגנט אין גאַנץ שפּאַניען. גיט אַ קוק. און ער ווייזט אויפן ים פון שוואַרצע קליינע דעכער, פון געלע ווייטקייטן וואָס פירן ווייסט וווהין. און צו געלאַטעטע בערג וואָס האָבן אַ פּנים ווי אָפּגעריסענע בעטלער וואָס זענען אַנדרימלט געוואָרן אין דער בלאָטע. איך לייען אַן עסיי וועגן שפּאַניען. און מיר דאַכט זיך אַז איך בין אין דער היים ערגעץ אין אַ גאַליציש דאָרף. און דער מיסטישער שפּאַניער איז דער פּוילישער סטודענט וואָס שלעפּט מיך אַרום איבער די הייליקע פעלד־שטיבלעך און ווייזט מור אויף די שיינקייטן פון זיין ערד פון זיין היים פון זיינע האָפּנ־פעלדער. נישטאָ אין דער גאַנצער וועלט נאָך אַזאַ אָרט זאָגט ער צו מיר גיט אַ קוק. און איך קוק און קוק מיט דעם שפּאַניער מיט זיין פּוילישן סטודענט. און איך זע ערד און ערד. און אומעטום מענטשן און בלאָטע טרוימען און פאַרקילונג. און אומעטום זעען זיך די הויכע צלם־שפּיצן וואָס גלאַנצן קעגן גאָטס נאַרישער זון. און אומעטום בענקט מען אַהין. און אין אַלע אַ ה י נ ס בענקט מען ווייטער. און אין אַלע ווייטערס בענקט מען נאָך. זאָל איך איך זיפצן. פראַגע.

## LXII

און אַז דער פאָטער ווערט מיד פון אַרומשלעפן זיך איבער
אַלע וועלטן מיט זיין זאַמד=זייגער און מיט זיין קאָסע זעצט ער
זיך אַוועק אויף אַ שטיין און אַ מידער אַ גלייכגילטיקער נעמט
ער ציילן דאָס שנירל פערל וואָס ער טראָגט אויף זיין פאַר=
שטויבטן האַלז. די פערל וואָס באַצייכנען די יאָרן. איינס. צוויי.
דריי. פיר. צען. טויזנט. הונדערט טויזנט. פאַרוואָס איז אָט=די
פערל שוואַרץ ווי די נאַכט. אָה ער דערמאָנט זיך קוים. פאַר=
וואָס איז יענע רויט ווי האַרצבלוט. אָה סאיז אים שווער זיך
צו דערמאָנען. זיין אַלטער מח איז פול מיט שפינוועב און מיט
שימל און די יאָרן=פערל אויף וועלכע ער האַלט חשבון פון
דער צייט דערמאָנען אים שוין כמעט גאָר=נישט. אָט איז יענע
אַזאַ גראָע ווי די מדבר. און יענע אַזוי גלאַנציק. און אָט מישן
זיך די פאַרבן רויט שוואַרץ גראָ. און דער אלטער ווערט מיד
פון ציילן די אויסגעטראַכטע פערל וואָס ער האָט אָנגעהאָנגען
אויף זיין האַלז בלויז פאַר אַ סימן. און וועלכע די מענטשן געמען
אָן פאַר אמתע צירונג. און די קנאָכיקע פינגער פון פאָטער
צייט שפילן פאַרחלומטערהייט מיט די פאַלשע צירונג, אַ
צעקנייטשטער שטויביקער שמייכל פאַלט אַרויס פון זיין קרומען
מויל און ציילנדיק זיינע פערל ווערט ער אַנ=
שלאָפן אויף דעם ברעג פון אַ שאָקלדיקן פעלז וואָס הענגט
איבער אַן אָפּגרונט.

## LXIII

קאָרצ. ווי אַ שטומער צו אַ שטומען אַזוי רעד איך צו
דיר, מיט מיינע הענט. מיינע גלעטנדיקע הענט. מיינע אומרויקע
הענט. און דו. דו כריסטלעכע. דו פון מיר געבוירענע. דו ביזט
מיין שנאה. מיין טויטע שנאה וועלכע איך ליב אַזוי שטאַרק.

דער צלם אויף דיין ברוסט קאָרא דאָס בין איך. איך הענג אויף דיין האַרץ אַ געקרייציקטער. דאָס שנירל שוואַרצע פּאַטשערקעס וואָס איך האָב דיר געגעבן אַ מתּנה דאָס איז דער שוואַרצער שטריק מיט וועלכן איך האָב מיך אַליין אויפגעהאָנגען אויף דיין צלם.

## L*IVX*

קאָראַ: אַ שריפטשטעלער בין איך. דו ווייסט עס. און מיינע יסורים זענען דער קוואַל פון מיין פּרנסה. וואָס מער איך לייד אַלץ בכּבודער פיר איך מיין שטוב. אַלץ אַנטשטענדיקער גייען מיינע קינדער אָנגעטון. עס איז דאָס לעבן קאָראַ. דאָס נישט צום פאַרשטייענדיקע לעבן וואָס דרייט זיך צענויף ווי אַ שלאַנג און פרעסט זיך אַליין אויף. דו זעסט מיינע נייע ברוינע שיך. דאָס איז אַ ליד קאָראַ. אַ ליבעס=ליד. אַ ראָמאַנץ אַרויס=געזונגען אָפּגעדרוקט איינגעקאַסירט און פאַרוואַנדלט אין אַ פּאָר ברוינע שיך. מיין זיידענע וועש איז נישט מער ווי צוויי טרערן אויפן קבר פון אַ טויטן חבר. און מיין פיינע שטוב. מיין אויסגעצייכנט בעטצייג. מיין זילבערנע גאָפּל=לעפל. דאָס אַלצדינג איז מיינע יסורים. מיין צער. מיינע געבוירענע קינדער אַזוי גוט ווי מיינע נישט=געבוירענע. ביידע קאָסטן מיך מיינע איידלסטע יאָרן. מיינע געגראַמטע זיפצן. מיין סטיליזירטן צער. אַמאָל קאָסט דאָס נישט=געבוירנקייט נאָך מער. גלויב עס מיר דעם אונטער=צייכנטן אַזוי=און=אַזוי.

## L*XV*

קאָרא טייערע. ווי שיין דיר פּאַסט דאָס רויט=ווערן דאָס פאַרשעמען זיך. אַ שאָד אַ שאָד וואָס די שענסטע חלומות ווערן אויסגעחולמט אין דער פ י נ ס ט ע ר ווו מען קאָן דאָס רויט=ווערן נישט זען. נישט דאָס אייגענע און נישט דאָס קעגנאיבער=דיקע. אָ דו מיין איינציקסטע. ווי רגעס זענט איר אַלע. אַזוי

דין און שוואַך און פֿאַרגייענדיק. אָבער פֿון אייך ווערן די טעג
און וואָכן, די יאָרן און יאָרהונדערטן, איר זענט דאָס לעבן.
צונויפֿגעשטעלט פֿון די קלענסטע טיילן פֿון אַ צעבראָכענער רגע.
איר זענט שטענדיק די לעצטע לויכטנדיקע רגע אויפֿן מיסט=
באַרג פֿון אַלטע יאָרן און אַרויסגעוואָרפֿענע טעג. איר זענט די
ליבשאַפֿט אין אונז וואָס גייט אַריבער אַלע ברעגן און עס
ווערט א י ר . איר זענט אונזער חלום פֿון אייך צו וועלכן איר
קענט זיך גאָט זיי דאַנק נישט צופּאַסן, ווייל מיר ווילן אייך
און דעם חלום. איר דער קערפּער. דער חלום דאָס וווּנדערלעכע
קלייד וואָס דעקט אייך צו און רייצט אונז און מאַכט אונז
אומרויק.

## LXVI

קאָרא מיין האַרציקע. מאַך אויף דיינע אויגן און זע.
ס'לעבן בליט און זינגט. אָדער אפשר וויינט עס אַזוי. אויף די
פֿעלדער גרינען די תּבֿואות. אונזער נאָך=נישט אויפֿגעגעסן ברויט.
דאָס איז אונזער קראַפֿט. קאָרא זע ווי די מוטער זון קערט
מיט איר ברייטן בעזים איבער אַלע פֿעלדער. עס ווערט ליכטיק
און טונקל טונקל און ליכטיק ווי אין דער נשמה פֿון אַ פֿאַר=
ליבטן, אויף דער טונקעלער זייט פֿונם פֿעלד ליגט דאָס בענ=
קען. אויף די אַנדערע זייט די האָפֿנונג. און אומעטום פֿלוידערן
די קליינע יונגע בעטלער. קושן זייער מוטער=שטאַם און זאָגן
מ אַ מ ע מ אַ מ ע . אַזוי ווי דו אין די נעכט פֿון פֿאַרליבשאַפֿט
פֿון אומבאַהאָלפֿן זיין. אָ דו מיין קאָרא. מיט דיין שוואַכקייט
צעברעכסטו מיך ווי מיט אַן אייזערנעם קנאַפּל. דיין שוואַכקייט
איז ווי אַ שאַרפֿע שווערט אין אַ שייד פֿון פּאַפּיר. דו דאַרפֿסט
די שווערט פֿון שייד נישט אַרויסציען כּדי צו טויטן. מיט דיין
אומבאַהאָלפֿענעם ליגן אין טאָפּעלטן זין פֿונם וואָרט האָס=
טו מיך געפֿאַנגען. פֿון דיינע שוואַכע טרערן האָסטו קייטן=
רינגען געשמידט פֿאַר מיין נשמה. האַרטע ווי אייזן. שטאַרקע

ווי שטאָל. איצט בין איך דיין געפאַנגענער און דו ביזט מיין תפיסה. אַרומגערינגלט מיט רויטע רויזנגערטנער פון וועלכע איך וויל נישט אַרויסגיין אין דער פרייער ענגער אוממעגלעכער וועלט.

## LXVII

בייטאָג זאָג איך צו מיר אַליין איך בין עלנט איינזאַם פאַרלוירן. ביי נאַכט זאָג איך צו מיר אַליין איך בין עלנט איינזאַם פאַרלוירן. און אין שלאָף מורמל איך צו מיר אַליין איך בין עלנט איינזאַם פאַרלוירן. און איך טרייסט מיך מיט די פיינע ווערטער מיט די מוזיקאַלישע ווערטער מיט רי אינטימע ווערטער. אָבער איך ווער דאַפון נישט ווייניקער עלנט איינזאַם פאַרלוירן.

## LXVIII

עס האָט געגרינט אַ וואַלד. אַ שיין שמעקעדיק וואַלד אין וועלכן פייגל האָבן געפלאַטערט וואַסער-פידלען האָבן געשפילט. אַ שיין גרויס געדיכט-באַפינסטערט וואַלד אין וועלכן עס האָבן מיסטעריען אַרומגעבלאָנדזשעט מיט באָרוועסע פיס. אַ גרויס-גרויס וואַלד. אַ שיין-שיין וואַלד. אַ וואַלד מיט משוגע-געוואָרענע פאַרבן מיט פון בענקען-געשטאָרבנע דופטן. מיט אונטער דער-ערד-באַהאַלטענע פרילינגס. האָט מען די ביימער אויסגעהאַקט. פון זיי פאַפיר געמאַכט און פון דעם גאַנצן גרויסן שיינעם ווילדן וואַלד איז געוואָרן אַ בלאַט שרייב-פאַפיר אויף וועלכער אַ לעבליכער דיכטער באַזינגט די שיינקייט פונם וואַלד מיט גראַמען צו באַלד שאַלט און קוואַלט. אַט דאָס איז ציוויליזאַציע מיינע גנעדיקע. דער וואַלד אַליין איז גאָרנישט. אָבער אַז מען האַקט אים אויס און מען שרייבט אויף אים אַ ליד וועגן וואַלד איז דאָס פאָעזיע. נאַטירלעך.

## LXIX

שניי אויף דער ערד. בענקנדיקער שניי וואָס ציטערט קעגן הימל ווי אַן אויסגעריסן האַרץ פון אַ פאַרליבטן נאַר. שטערן אויפן הימל וואָס בענקען זיך צו דר'ערד אַראָפּ אַזוי שטיל ווי אַ פאַרלוירן ליד אויף דעם פליגל פון אַ גאָלדענער פּאַווע. ווי שיין און ווי פיין די אַלע זאַכן זענען ווען מען שטעלט זיי אַריין אין אַ ליד פאַר זיבן טולער. אָבער ווי ליידיק און נישט=נוציק זיי זענען אין אַ וועלט פון הויזנקנעפּלעך אינפלוענציע אונטערוועש גראַמאַטיק שוועבל=זייף סאַנדאַלן און פרייע פערזן.

## LXX

קויף איך מיר אַ מאַנטל וויל איך אַז ער זאָל זיין טאָפּלזייטיק. דער אויסנווייניק זאָל זיין אַזוי שיין און רעספּעקטאַבל ווי דער דרויסן. קויף איך מיר דעריבער אַ מאַנטל מיט אַ זיידענעם אונטערשלאַג. און טראָגנדיק דעם מאַנטל מיט דעם זיידענעם אונטערשלאַג טראַכט איך וועגן מיין געליבטער וועלכע איז אַך בלויז פון איין זייט. און איר אינווייניקסטער איך איז נישט פון זייד נישט פון סאַמעט נישט פון אַטלאַס. טאַפּ איך דעם אינווייניקסטן שטאָף פון דעם נייעם ווערטפולן מאַנטל און איך טראַכט אפשר האָב איך מיך אָפּגענאַרט אויף מיר אַליין. אפשר בין איך נישט ווערט די מי וואָס איך האָב פאַרשווענדט אויף צו עקזיסטירן בלויז פון איין זייט. אפשר האָב איך מיך געדאַרפט אונטערשלאָגן מיט אַ זיידענעם איך אָדער ער אָדער ווער נישט=איז. איך זאָל מיך קענען טראָגן פון ביידע זייטן. אַזוי ווי אַ טייערער מאַנטל.

## LXXI

מיט די ציין האַלט איך מיך צו ביי מיינע עטלעכע פעלזנהאַפטע רייד איך זאָל פון זיי נישט אַראָפּפאַלן, מיט די ציין הענג איך אויף עטלעכע אויסגעקליגלטע פראַזן וואָס שטייען צווישן מיר און אַן אָפּגרונד. מיט די ציין. אָבער איך בין שוין מיד דערפון און נערוועז און די רייד אויף וועלכע איך הענג ווערן פון טאָג צו טאָג שוואַכער און אָפּגענוצטער און ווער ווייסט ווי לאַנג איך וועל מיך נאָך קאָנען האַלטן.

## LXXII

קליינער צופאַל. איינמאָל אַרויסגייענדיק פון מיין הויז האָב איך צופעליק באַגעגנט עפּעס אַן עלטערע דאַמע. האָב איך צו איר צופעליק אַ שמייכל געטון. און צופעליק ווייל דער טאָג איז געווען אַ שיינער האָב איך פאַר איר געצויגן דעם הוט. דאָס אַלצדינג איז געווען צופעליק. אַזוי צופעליק ווי עס קאָן נאָר זיין. אָבער דער דאָזיקער קליינער נישט=באַדייטנ= דער צופאַל האָט מיך שוין ביז היינט געקאָסט 4,911 מאָל שמייכלען 4,910 שאָקלען מיטן קאָפּ 4,908 אָפּהויבן ס'היטל 4,907 באַמערקונגען וועגן ווערטער 4,906 מאָל רויט-ווערן מצד דער דאַמע. צוזאַמען אַזויפיל און אַזויפיל. און אַלץ צוליב אַ צופעליקן שמייכל. וואָס איך האָב צופעליק אַ שמייכל געטון.

## LXXIII

קאָרא אפשר ביזטו אַ דיכטערן. דו קוקסט מיך אָן מיט אַזוינע שיינע לידער. אַזוינע הערלישע געזאַנגען. דיינע אויגן זאָגן איך וואָלט געוואָלט אויפמאַכן דאָס טירל פון דיין האַרץ. דאָס טירל צו דעם גאָרטן ווו איך בין פאַרזייט. איך וויל חיסי

צי איך גיי שוין אויף און צי דער גאָרטן איז גענוג געמיסטיקט. קאָראַ. מײַן פֿון מיר אויסגעדיכטעטע דיכטערין. ווי שײַן דו קענסט אויסשווייגן די טיפֿסטע געדאַנקען. דו ביסט אַלײַן אַ געדאַנק קאָראַ וועלכן איך נעם אַרום און בעט אים ער זאָל מיר פֿאַרגינען אים אויסצודענקען. דו דאַרפֿסט אויסגעטראַכט ווערן קאָראַ אַלעמאָל אויפֿס נײַ. דו מוזט ערפֿונדן ווערן יעדן טאָג צווישן זעקס און זיבן פֿאַר=נאַכט ווען די זון גייט אונטער. דו מוזט מײַן מיסטעריע זײַן טײַערע קאָראַ, מײַן געהיימניש. ווײַל אַ מענש מוז האָבן אַ סוד קאָראַ, אַפֿילו ווען מען זאָל זיך אים אַלײַן מוזן אַרײַנפֿלוידערן איז אויער אַרײַן. דאָס איז דער העכערער סוד וואָס צווינגט אויף אונז אַרויף דעם פֿאַרלאַנג זיך אַרומצוטראָגן מיט סודות. קלײנע נישטיקע פֿאַרשווינדיקע. און דער וואָס באַהאַלט זײַן אייגן גאָלדן זייגערל יעדן אין=דער=פֿרי כּדי עס אויסצוגראָבן יעדן בײַנאַכט אַלס אַן אוצר איז קיין משוגענער נישט נאָר אַ פֿילאָזאָף. אַ דיכטער. איך טו דאָס געטלעכע טײַערע קאָראַ. יעדן אין=דער=פֿרי באַגראָב איך די צירונגשטײנדלעך פֿון דײַן ליבשאַפֿט אינם טאָל לעבן ברונען ווו די טויבן פֿליען אַרום און יעדן בײַנאַכט ווען די לבנה גייט אויף גראָב איך זיי צוריק אויס און איך פֿריי מיך ווי מיט אַן אמתן אוצר.

## LXXIV

קאָראַ. אַ שריפֿטשטעלער בין איך. און אַלס אַזאַ-איינער מוז איך באַשרײַבן די נאַטור אַזוי פּינקטלעך גלײַך איך וואָלט זי געהאַלטן בײַם פֿאַרקויפֿן. אויבן אַ באַרג מיט דרײַצן יונגע ציפּרעסן=ביימער און אונטן אין טאָל ציען זיך אַוועק האָבערפֿעלדער אויף אַקוראַט הונדערט=און=צען מײַל. דער הימל איז בלוי סכּנות נפֿשות. אַ זילבערן טײַכל גאַראַנטירט שטערלינג פֿליסט און פֿליסט נאָך אַ ביסל. און הײַנט די ראָ — זען. די לי — ליען. די נאַר — ציסן. קאָראַ טײַערע. אָט דאָס איז דער

בורל פון אַ שריפטשטעלער. ער מוז זיין אַ דיכטער רעקלאַמיסט. שניידער. אַלצדינק אין איינעם. און נאָכדעם ווען ער באַשרייבט די נאַטור גלייך ווי ער וואָלט זי האַלטן ביים פארקויפן מוז ער זיך אַ נעם טון צו דער שניידערישער אַרבעט און באַשרייבן זיין געליבטערס קלייד. און זי האָט געטראָגן אַ קלייד פון פּאָמעראַנצן=וואָל און פורפורגומע. עס איז געלעגן אויף איר אַביסל צו ענג ביים אַריינגאַנג. פון אונטן האָט דאָס קלייד עלעוועניינציק בורשטינענע קנעפּלעך. יעדער בורשטינען קנעפּעלע איז געווען אָנגעניית מיט אַ פּאָדעם פון מערמלשטיין. אויף דער לינקער ברוסט איז געווען אויסגעשטיקט אַ גאָלדענער צימערינג=פויגל מיט בריזאַנטעמען און דער גאַרטל איז געווען פון פּאַטשערקעס זיבעטהאַלבן אַרשין אין דער לענג.

LXXV

קאָראַ טייערע. דער טאָג פאָרט שוין ב״ה אַוועק. די לבנה גייט אויף. און דאָ פּאַלט מיר איין אַז אַזויפיל דיכטער האָבן שוין צום טייפל באַזונגען דעם זונען=אונטערגאַנג. אָבער דעם אונטערגאַנג פון דער לבנה. צי האָט אים עמעצער באַזונגען. און פּאַרוואָס. צי איז דען סאונטערגיין פון אַ בלאַס יונג לבנהלע ווייניקער שיין און טראַגיש ווי דאָס אונטערגיין פון אַ רויטער באַלעבאַטישער זון.

LXXVI

קאָראַ מיינע. איך קוש דיך און זאָג דיר אַדיע. דאַביי פאַרגעס איך נישט אַז דו ביזט מיין שנאה וועלכע איך האָב אַזוי ליב. אַז דו ביזט אַ שוועסטער-אין-גלויבן פון די פּאַליאַחים. און זיי ויסן זיין זאָג איך דיר מיטן לעצטן קוש אַז איר הרגעט אין אונז בלויז דאָס וואָס איז כריסטלעך. דערשלאָגן. אונטערטעניק. וואָס מער איר הרגעט אונז אַלץ יידישער ווערן מיר אַלץ שטאַרקער

אַלץ נקמהדיקער אַלץ אייביקער. איך קוש דיינע ליפּן קאָראַ. די
ליפּן פון מיין טויטער שנאה װעלכע איך האָב אַזוי ליב. נאָך אַמאָל
אַדיע מיין דערוױיל-געשטאָרבענע קאָראַ. ערוואַרט מיך אויף דיין
קבר מיט אַן אַנדערער.

## LXXVII

און דוקא נאָך אַמאָל צו קאָראַן. פּריוואַט שפּריכוואָרט. פאַר
דער קלענסטער צאָל אייגענע וואָס פאַרשטייען מיך. נאָכן
פליסיקן ברוינעם פייער פון מיין אויג. נאָך דעם שטילן קווינק-
ווילירן אויף דער בענקשאַפט-מאַנדאָלינע וואָס הענגט שטענדיק
איבער מיין בעט אין הינטערגרונט רעכטס. נאָך מיין שטילן אַהין-
און-אַהער שפּרייזן אין גאָטס ענגער וועלט ווו איך בין גע-
פאַנגען ווי אַ צירקוסבער וואָס קען שוין דאַנקען גאָט טאַנצן און
עסן צוקער פון האַנט. מיין בריוו צו דיר. *די האָסט דיך
שטיל פאַרגנבעט אונטער דעם פענצטער פון*
מיין פּריוואַטקייט. געעפנט דעם פאַרשטויבטן פאָרהאַנג און
אַריינגעקוקט. דו שלעכטע באַטריגערישע. דו וואָס דו
ווילסט מיינע סודות וויסן אָבער נישט טיילן. דו שוי-
שפּילערן. אויסגערעכנטע. איינשטודירטע. דו ווייסט אַקוראַט
ווען אָפּצוגיין מיט אַ גראַציעזער פאַרנייגונג איבער-
לאָזנדיק נאָך זיך ס׳געריש פון דיין קלייד און אַ בענק-
שאַפט. קאָראַ. מיט שטילע געבעטן איז מיין היים-שטיבל
פאַרפולט און מיט בענקשאַפט צו דיר. צו דיר דו
שטאַרק אַוועקגערייזטע. דו וויטסטע. מיין דערוואַכונג האָסטו
נישט געטאָרט זיין קאָראַ טייערע וייל דו ביזט מיין
שלאָפמיטל. מיינע אוממעגלעכע מעגלעכקייטן טייערע טייערע
טייערע ווי שלעכט ביזטו מיט דיין גוטקייט. כריסלעכקייט.
ווי טויטלעך דאָס איז. אין דיין אײדעל-זײדענער-שוואַכקייט-נעץ
ליג איך געפאַנגען. צאַפּל מיך און קוק אין האַנט-
שפּיגל צי עס פּאַסט מיר צו די צוואָרפענע האָר.

## LXXVIII

מיטן געוויין פונם נאַכט ווינט וואָס איז געשלאָפן מיט מיר זאָג איך דו ביזט אַ סודות - רויבערן. אַ חלומות - גנבטע. פלינק האָסטו דיך פאַרגנבעט אונטערן פענסטער פון מיין נשמה-טורעם און אַריינגעבליקט אין מיין נשמה - נאַקעטקייט. מיך באַליידיקט און דערפרייט. אַריינקומען אינעווייניק האָסטו נישט געוואָלט. האָסטו מורא געהאַט, און אינגאַנצן בלייבן אין דרויסן האָט נישט דערלאָזן דיין מיידלישער נייגיר. האָסטו שטיל מיינע פענסטער - פאָרהאַנגען צעעפנט. אַריינגעבליקט. אַוועקגעטראָגן אַ שמייכל אין דיינע געפליגלטע שוואַרצאַפלען און פאַרשווונדן געוואָרן.

## LXXIX

קאָראַ. עס הויבט אָן צו זומערן. די ביימער ווערן שווער-אָנגעבלעטערט. אַ וואַרעמע זונגרינקייט וואַרפט זיך דעם לעבן אַ יפן האַלז און וויל עס נישט אָפּלאָזן. צי בין איך נישט אַ טייל פון דעם אַלעמען קאָראַ. זאָל איך מיך דען נישט צע-שמייכלען ווי דיין יונגע נאַקעטקייט מיט בליענדיקע גערטנער אין די אויגן. מיט זינגענדיקע טייכן אין דער נשמה. קאָראַ מיין ווייגאַרטענדיקע. נעם מיך אַרום און אַרומער. באַגראָב מיך אונטער די ווייסע בערג פון דיין ליבשאַפט. מיט דיינע צע-שפּרייטע אָרעמס וועסטו זיין מיין צלם=מצבה. און די זאַפראַן-רויטע האָר פון דיין קאָפּ וועלן זיין די וויינענדיקע ווערבעס. די רויטע וויינענדיקע ווערבעס וואָס וועלן באַיאָמערן מיין גע-וועזנקייט.

## LXXX

קאָ־ראַ מיין קאָראַ. איך בענק. דו ציטערסט. אפשר צומאַכן

דאָס פענסטער. אינם ווערדל פרעסטלט דער ווינט און די בארענ=
בליונגען שרעקן זיך. איך בענק נאָך דער אלטער שול אין מיין
היימשטאָט. קאָרא טייערע פאַרשטייסטו דען. דו מיט די זאפראַנ=
בלאָנדע לאָקן. דו מיטן פאַ־חלשטן שמייכל. מיט די רעזיגנירט=
פאַרוואָרפענע צלם=אָרעמס. מיט די צוויי ברוין לאַכנדיקע טרער=
ברונענס. פאַרשטסטו דען וואָס עס הייסט צו האָבן אַן אייגענעם גאָט
אַ שטענדיקן. וואָס זיצט אייביק ביי זיך אין דער היים און
מען קאָן צו יעדער צייט אַרויפכליפען צו אים. אים אַלצדינק
דערציילן מיט ליפן וואָס ליגן טויט אײנס אויפס אַנדערן ווי מתים
אויף די שלאַכט-גערטנער אָדער ווי פאַרליבטע אין דער ערשטער
נאַכט. אָ קאָרא. אויך דו ביזט מער-ווייניקער אַ גאָט אָבער ווען
ביזטו דען אין דער היים ווען האָסטו דען די יעהאָוואַ-געדולד. צו
זיצן אויף א יי ן אָרט און וואַרטן. קאָרא איך דאַרף אַ שטענדיקן
גאָט. איך דאַרף אַ גאָט וואָס זאָל האָבן אַ סך געדולד. אַ סך
רחמונות. די גערטנער מיט די זאַפראַן-בלאָנדע צעפּ און ברוינע אויגן
זענען אַזוי פאַרנומען מיט זיך אַ ל יי ן. די שולן ווו מען קאָן
צו זיי דינען זענען פאַריגלט פאַר דעם פרעמדן. פאַר דעם מידן.
פאַר דעם אומבאַקאַנטן. און בעטן מיר צו אייך עסט איר אין דער
זעלבער צייט לאָנדרין-באָנבאָנעס און איר הערט נישט אונזער גע-
בעט. און וויינען מיר צו אייך אַרויף אונטערן פענסטער זענט איר
נישטאָ אין דערהיים. נאָר אַז מיר זינגען צו אייך שירה דעמאָלט
הערט איר אויף עסן לאָנדרין-באָנבאָנעס. איר האָרכט פון אונז
ס'לעבן אַרויס. איר האָרכט פון אונז אַרויס יעדן טראָפּן נאָך-נישט-
אָנגעטראַכטן שכל. איר בייזע. איר גוטע. איר פאַרבייגייענדיקע.
איר אייביקסטע.

## LXXXI

קאָרא. דער שלאָף פלאַטערט אַרום אין דיינע אויגן ווי
אַ פויגל וואָס מען האָט אים די נעסט אַוועקגעגנבעט. איך בין
דער גנב. ליבע פיינע וואַרמע זאַפראַן=בלאָנדע קאָרא. נאָך אַ

ווײַלע און איך װעל אויפהערן מײַן שווערע ליטעראַרישע אַרבעט. די זומער=זאַמלונג פון וואָרט=פֿליגן וואָס גייען אויס אויף דער שויב און וואָס מיר נעמען זיי צענויף אין אַ גרין=זײַדן טיכל און מיר שיקן זיי אַוועק אויף די פֿליגן=בערזע פון ווערטער אין רעדאַקציעס. קאָראַ. ווי אין די מענטשלעכע יסורים אַזוי איז אין אונזער פאַך די מאָס קיינמאָל נישט פאַרפולט. און די קאָנקורענץ איז זייער גרויס. דו קאָראַ ביזט מאַטעריאַל פאַר מײַן קונסט. מוז איך מיך מיט דיר באַשעפטיקן אַזוי פֿלײַסיג ווי מעגלעך כדי אין די שפּעטערע יאָרן זאָל די קריטיק קענען אַ באַמערק טון דער הער עם ען האָט זיך מיט קונסט באַשעפטיקט.

## LXXXII

פאַפּירן. פאַפּירן. דער וועג צו אונזער דערלייזונג איז אַ פאַפּירענער און אַז משיח וועט קומען וועלן די צדיקים גיין אויף אַ פאַפּירענער בריק אין גן=עדן אַריין. ס'איז אַ פאַפּירענע וועלט. אונזער לעבן איז אַ פאַפּירענס און אונזער טויט איז אַ זאַך וואָס באַשרייבט זיך אויף פאַפּיר. ערגעץ איז פאַרלוירן געגאַנגען אַ פאַפּיר און ס'האָט זיך געטון חושך. מאַרקיזן זענען געשפּרונגען פון דעכער. געהיימאַגענטען האָבן זיך פאַרסמט. שפּיאָנען האָבן זיך באַהאַלטן אונטער ציין=בערשטלעך. מיליטער איז געלאָפן און געשאָסן. און אַלץ צוליב דעם פאַרלוירענעם פאַפּיר וואָס מ'האָט נישט געקענט געפינען. דאָס פאַפּיר. דאָס פאַפּיר. ווען מ'זאָל איינמאָל פאַר אַלע מאָל קענען געפינען דאָס ריכטיקע פאַפּיר וואָלט די גאַנצע וועלט געווען געראַטעוועט. אָבער אַך קאָן מען דאָס נישט געפינען מ'ווייסט נישט ווו ס'איז באַהאַלטן. שוין טויזנטער און טויזנטער יאָרן אַז די מענטשהייט זוכט עפּעס אַ פאַפּיר. זי זוכט עס אין אַלע ראָמאַנען אין אַלע מעלאָדראַמען אין אַלע שעהנגעשיכטן אין אַלע לאַנדסקאַנדאַלן אין וועלט פּלאָנטערס. אומעטום. זוכט זי דאָס געוויסע

פּאַפּיר וואָס איז פאַרלוירן געגאַנגען. אַמאָל געפינט זי עס אָבער ס'איז נישט דאָס ריכטיקע. ס'איז בלויז אַ פעלשונג. דאָס אמתע פּאַפּיר קאָן מען נישט געפינען.

## LXXXIII

אַלע באַוועגן זיך. זיי באַוועגן זיך אַהער. זיי באַוועגן זיך אַהין. זיי באַוועגן זיך דאָקטאָר־הערצליש. זיי באַוועגן זיך מיכאַלבאַקוניש. זיי באַוועגן זיך קאַרלמאַרקסיש. זיי באַוועגן זיך טאָלסטאָיש. זיי באַוועגן זיך אין אַלע ריכטונגען. זיי באַוועגן זיך דאַפּיר אַזוי ווי באַוועגן זיך דאַגעגן. זיי באַוועגן זיך אַהין און צוריק און פאַרקערט. מען באַוועגט זיך אויף אַלע אופנים. נאָר איך איינער שטיי און קוק און טראַכט צו וואָס אַזוי פיל באַוועגונג. און אויב שוין יאָ באַוועגן זיך צו וואָס באַוועגן זיך מיט אַזאַ טומל מיט אַזאַ גערויש. צו וואָס באַוועגן זיך כסדר אויף איין זייט און לאָזן די אַנדערע טיילן אומבאַוועגט. און ווי אַזוי ווייסט דער מענטש אַז ער דאַרף זיך באַוועגן אַקוראַט אַהער און נישט אַהין און וו עס איז אַהער. און ווי אַזוי פאַרדרייט זיך אים נישט דער קאָפּ פון באַוועגן זיך אויף איין פונקט. און ווי אַזוי קאָן דער מענטש איבערהויפּט דענקען אַז ער דאַרף אָנשטרענגען דעם גאַנצן כח אויף צו האַלטן זיך זעלבסט אין באַוועגונג. אַלע אַלע באַוועגן זיך. נאָר איך איינער באַוועג מיך זייער לאַנגזאַם און אויף אַלע זייטן. איך באַוועג מיך אי אַהער אי אַהין. איך באַוועג מיך אַריין איך באַוועג מיך אַרויס מיט דער זעלבער באַגייסטערונג פאַר דער זאַך. אַז איך כאַפּ מיך אַז איך באַוועג מיך צו שטאַרק הויב איך זיך אָן באַוועגן צוריק־צו־וועגס און דער קאָפּ הערט זיך מיר אויף דרייען. איך באַוועג מיך מיט אַ מאָס און נישט צו שנעל און נישט צו אָפּט און נישט אויף איין זייט. איך באַוועג מיך אין אַלע ריכטונגען מיינע הערן.

## LXXXIV

איך בין דאָס זאַמד דורך וועלכן עס לייטערט זיך דאָס וואַסער פונם קוואַל. דורך בלאָטיקע וועגן קומט דאָס וואַסער. פון פאַרדעכטיקע בערג פון זומפּיקע פעלדער. אָבער דורך מיין ריין האַרץ גייט עס דורך און עס ווערט געלייטערט און ריין. איך בין דער שטילער ברודער פונם קוואַל. זיין געטרייער וועכטער. זיין נישט־באַזונגענער פריינט. און ווען דער קוואַל זינגט און לאַכט זינגט ער אַוועק לאַכט ער אַוועק אַ טייל פון מיין לעבן. איך בין דאָס שטילע פאַרגייענדיקע זאַמד ביים ברעג פון אַ לעבעדיק וואַסער וואָס פרעסט מיך אויף. איך בין דאָס שטילע זאַמד דאָס באַשיידענע זאַמד וואָס בהמות טרעטן דערויף מיט די פיס בעת זיי טרינקען דאָס וואַסער וואָס איך דאָס זאַמד האָב פאַר זיי געלייטערט. איך בין דאָס זאַמד דורך וועלכן עס גייען דורך אַלע אומריינקייטן פון דער וועלט כּדי דער קוואַל אַליין זאָל זיין לויטער ווי קרישטאָל. איך בין דער נאָך־נישט־געוואָרענער פעלזנשטיין וואָס וועט אַמאָל אַראָפּפאַלן אויף אייך און אייך באַשטראָפן פאַר אייערע זינד. איך בין דאָס זאַמד ביים ברעג פונם קוואַל. איבער מיין האַרץ פּינקלען די לוסטיקע וואַסער־פּערל אָבער איך אַליין בין שטיל פאַרשוויגן און גראָ. איך בין דאָס אומעטיקע זאַמד וואָס לייטערט די פרייד פונם לעבן און האַלט זי פריש.

## LXXXV

קונסט איז אַ וועלט אָבער נישט קיין אינזל. נישט קיין שווים־ברעט אויף וועלכן זיך אַוועקצוזעצן אין צייט פון אַ וואָלקנבראָך. נאַראָנים און איבערגעוואַקסענע קינסטלער ווייסן עס נישט. זיצן זיי אויף דעם קליינעם גרינ־באַזונגענעם אָפּגעזונדערטן אינזל פון קונסט און פלעכטן סאָנעטן צו פערצן שורות אַ שטיק. בויען עפּישע געדאַנקען מיט אויסגעצייכנטע גראַמען. מאָלן מאָדערנע בילדער אין וועלכע דער דאָ איז דאָרטן און

ער דאָרטן איז דאָ און אויף דעם קליינעם עגזאָטישן אינזל=
דיצן זיי רויק און זיכער פאַרטון אין דער קונסטמאַן
כעריי אין דעם אָרומשלייפן פון אַ בלוי קונסט=שטיינדל אי
דעם אָרומשפּיצן פון אַ געזאַנגיק וואָרט. אַרום דעם קליינעם
אינזל ברענט די וועלט. שמעלצן זיך די הימלען. ווערן די ימים
פון שרעק פאַרשטיינערט. טראָגן זיך קולות פון דער משוגע
געוואָרענער פאַרצווייפלונג. פאַרגעסט דער רויט=פאַרשלאָפענער
טאָג די נאַכט איבערצובייטן. אָבער אַרום דעם קליינעם אינזל
אַרומגערינגלט מיט אַ פעסטונג פין קאַווע=און=קוכן אָפּ=
געזונדערט פון דער גרויסער וועלט מיט אַ וואַנט
פון בלויע נאַכטיגאַלן אַרומגענומען מיט אַ רינג פון
דין געקייטעלטע זעפיר=ווינטן און געשיצט דורך וועלט=
וויכטיקע זשעסטן פון קולטורעריי זיצן זיי די קונסט=פּריס=
טער אין דער פאַרביקער בלאָטע פון זייער אָפּגעזונדערטן אינזל
און זיי שפּילן זיך מיט גאָלדענע שמעטערלינגען מיט ווייסע לע=
מעלעך מיט רויטע קאַרשן מיט רויזן-סענטימענטן מיט ליליען=
חלומות. און וואָס גייט זיי אָן די גרויסע וועלט. וואָס פאַר אַ
שייכות האָבן זיי מיט אַזוינע אומפּאָעטישע זאַכן ווי ערדציטער=
ניש. וואָס גייט זיי אָן אַזאַ קלייניקייט ווי אַ וועלט=אונטערגאַנג.
אין זייער פאַרביקער בלאָטע זיצן זיי און שפּילן זיך די לי=
בע קינדער. און אַז זיי האָבן זיך גענוג אָנגעשפּילט
ווערן זיי אומעטיק און באַטריבט דערפון וואָס די גרויסע וועלט
גיט זיך אָפּ מיט אַזוינע נאַרישקייטן ווי מלחמה און מ׳קוקט
זיך נישט אום ווי זיי זיצן און שאַפן אויף זייער קליינעם
אינזל. אויף זייער רויקן אינזל. ווי גוט איז יענע וואָס קאָנען
רויק ציילן זייערע קרעלן בשעת עס גייט אונטער אַזאַ שיינע
אַזאַ אונערהערטע וועלט.

## LXXXVI

וואָרנונג. איך וועל אַמאָל אָנשרייבן אַ סאַטירע אויף די געטערהייטן וואָס וועט ווערט זיין אפשר זעקס הונדערט טולער. איך וועל מאָלן די צוויי אויסגעשפּילטע געטער דעם ייִדישן און דעם קריסטלעכן ווי זיי גייען אַרום געאָרעמט איבער די הויכע הימלען און האָבן צו טון מיט וואַטע. די פֿלייסיקע מלאכים גייען אַרום און קוועטשן אויס די ווייסע וואָלקנס און טרוקענען זיי אויף דער זון און מאַכן פֿון זיי געטלעכע וואַטע. און סע קומט דער הייליקער שבת און די ייִדן=קינדער שטייען אין די קלויזן און שרייען געוואַלד דעמאָלט זעט מען ווי דער אַלטער יעהאָוואַ גייט אַרום מיט וואַטע אין די אויערן. און אַז דער יונגער גאָט קריסטוס דערזעט אַז דער אַלטער גייט אַ־ום מיט וואַטע אין די אויערן ווייסט ער אַז ס'איז שבת. און אַז סע קומט דער הייליקער זאָנטהאָג און די קריסטלעכע פּויערים=קינדער שטייען אין די קלויסטערס און דאַווענען דעמאָלט זעט מען ווי דער יונגער קריסטוס גייט אַרום מיט וואַטע אין דער נאָז. און אַז יעהאָוואַ זעט אַז זיין געוואַלדיקער זון און קאָנקורענט גייט אַרום מיט געוואַטעטע נאָז=לעכער ווייסט ער אַז ס'איז זונטאָג. און אַזוי גייט די געטלעכע וואַטע פֿון נאָז=צו=אויער פֿון אויער=צו=נאָז. ווייל די גאָטהייטן זענען גוטע גאָטהייטן און זיי באָרגן זיך איינס ס'אַנדערע די וואַטע.

## LXXXVII

ערלויבט מיר אַ וואָרט וועגן סימבאָליזם אין דער ליטעראַטור. איר מיינט אַז איר שרייבט סימבאָלן. אַז איר שאַפֿט זיי. אַז איר דיכטעט זיי אויס. דאָס איז נישט אמת. סימבאָלן ווערן נישט געדיכטעט. סימבאָלן זענען. יעדע זאַך מיינע בריד ער שריפטשטעלער האָט אין זיך אַ סים=

באָל. אַ מיסטעריע. און נישט נאָר דער ע ר ג ע ץ = ע ר ג ע ץ אָדער דער װ ו י י ט = װ ו י י ט אָדער דער בלאָנדזשענדיקער משיח נאָר אַלצדינג אין אונזער לעבן איז אַ סימבאָל. אַ צייכן אַן אָנװייז אַ משל דאָס גאַנצע לעבן מיינע געליבטע איז אַ סימבאָל אַן אויסגעטראַכטקייט. אַ פיקציע. אין יעדער זאַך אַפילו אינם טיש אָדער אינם פלעשל טינט ליגט אַ סימבאָל. מען דאַרף נאָר װיסן װי אַזוי דעם דאָזיקן סימבאָל אַ ר ו צ ו ש ר י י ב ן אַזוי אַז ער זאָל נישט אַרויס. מ י י נ ע ל י ב ע ג ע ט ר י י ע. מיר שאַפן נישט קיין סימבאָלן. מיר קאָנען זיי נישט שאַפן. דאָס בעסטע װאָס אַ שריפטשטעלער קאָן טון איז אַרומרינגלען דעם סימבאָל מיט װערטער און אים נישט לאָזן אַרויספליען. אָבער קיינער פון אונז שאַפט נישט קיין מיסטעריע אָדער סי= מבאָל. פונקט װי קיינער פון אונז שאַפט נישט דעם מאַטעריאַל פון װעלכע עס װערן חלומות געמאַכט.

## LXXXVIII

איך בין אייפערזיכטיק אויף מיין נאָמען. פון טאָג=צו=טאָג װערט מיין נאָמען שענער און איך מיאוסער. װאָס מער איך גיב אָפּ מיינע טעג אויף מיינע ליטעראַרישע אַרבעטן אַלץ גע= זונטער װערט מיין נ אָ מ ע ן און אַלץ שװאַכער װער א י ך. װאָס העכער עס קלינגט מיין נאָמען אַלץ נידריקער קלינגט מיין קול. אַלץ שװאַכער. אַלץ מידער. מיין נאָמען פרעסט מיך אויף װי אַ בייזע חיה. ער פאַרצוקט מיך און מיינע ביינער קנאַקן צװישן זיינע גרויזאַמע אומשטערבלעכע ציין. אין די טעג װען איך ליג און מאַטער זיך פון יסורים. אין די נעכט װען דער שלאָף װייכט פון מיין צעקאָפּנס דעמאָלט גייט מיין נאָמען אַרום אַ פריילעכער אַ שטאָלצער אַ לאַכנדיקער און ער קניפּט אָן נייע בעקאַנטשאַפטן מיט דאַמען און הערן. און אַז דער טויט װעט כאָרכלען און מיין האַלז װעט מיין נאָמען אַרומשװעבן אַ געזונטער אַ לוסטיקער און װעט זינגען ט ר אַ ל א ל אַ. און

ער וועט זיך אָנהעגגען אויף די געפּאַרבטע ליפּן פון באַוווסטע פּרימאַדאָנאַס און נישט אָפּטרעטן פון דאָרטן. פאַרשאָלטן זאָל ווערן מיין נאָמען. ער וועט נאָך מיין טויט גייען אויף באַנקעטן און וועט לעבן אַ גוטן טאָג בעת א י ך  אַ ל יי ן  וועל זיין קאַלט און גע-שטאָרבן.

## L.XXXIX

עס וועט פרילינגען היינטיקעס יאָר ליבע פריינט. עס וועט זיך צעבליען און צעשמעקן די ערד. וואַלד-רויזן וועלן ראָמאַנצירן מיט די וואַלד-רויזנטעס און חתונה האָבן. בינען וועלן זיך אָנטון זייערע יום-טוביקע קליידער און אַרומפליען רעדן שדוכים. די לוסטיקע פרילינג-ווינטן וועלן אַ ויסזינגען אַ ווינעדיקן מזל-טוב און די אַלטע פיל-פּאַהייראַטע מוטער ערד וועט נעמען גייען צו קינד מיט איר גרינוואַרג און זי פאַרדעקן מיט די פרוכפערונג פון איר לייב. עס וועט פרילינגען מ יי נ ע  ב ר י ד ע ר. דאָס צעמלחמהטע מוטערל נאַטור וועט זיך אויף אַ ווילע פאַרגעסן אין איר שמוץ-אַרבעט. וועט זיך אָפּוואַשן די הענט אין די לויפנדיקע פרילינג-שטראָמען. וועט זיך אויסבאָדן דעם פאַרבלוטיקטן שטערן אין אַ זונטייך. וועט זיך אָנטאָן אַ גרין פריש פאַרטוך. וועט זיך באַהענגען די אוירן מיט גרינע עדעלפרוכט ק אַ ר ש ן  מ אַ ר ע ל ן  פ ע ר ע ש ק ע ס און זי וועט ליגן צעשפרייט און צעשמייכלט אין זי וועט רעדן פון ליבע. איר בעט וועט זיין פיינפריש אויסגעשפּרייט מיט יונגען צוועט. די יונגע ווינטפערד וועלן לויפן צעשוימטע איבער די גרינע שלאַכט-בערג און אָנזאָגן די בשורה אַז די  מ ו ט ע ר  נ אַ ט ו ר  א י ז  ג אָ ט  צ ו  ד אַ נ ק ע ן  פ אַ ר ל י ב ט. פרייט אייך קינדער. און די קינדער וואָס האָבן אַ צוואַנציק-דרייסיק פרילינגס געזעען קומען און פאַרגייען. מיט נאַרישע קאַרשנקושן וואָס פאַלן פון די בוימער אַראָפּ. מיט די בוים-ווערים. די דאָזיקע קינדער ליגן איצט אין פוילפייכטע גריבער פאַרחהיט און פאַרוואָרלאָזט. זיי קוקן דעם יונגען פרילינג אין די אויגן אַריין. זיי הערן זיינע זיסע געזאַנגען וועגן

ליבע און זיי וואָלטן דעם שיינאויסגעפּוצטן פרילינג געוואָלט אין פּנים אַריינשפּייען. אים זאָגן אַז זיי האָבן אים פיינט מיט יעדן ציטער פון דער נשמה. אַז עס עקלט זיי צו זען ווי ער גייט אַרום איבער טויטע מענטשנבערג מיט גרינע פייגעפּוצטע שטיוול און ער גיט אָפּ לאַנגע וואָכן פון זיין צייט אויף אַרויסצעקוקן פון דר׳ערד אַ נאַריש גראָזבלעטל. עס ווערט פרילינג ליבע דיכטער, נעמט אַרויס אייערע שרייבפּידלען און ווערט באַגייסטערט.

## LXL

די וועלט איז ווי אַ גרויס געשעפט. ווי אַן אַמעריקאַניש געשעפט גייט אַריין אין אַ שיך-געוועלב אָדער אין אַ שניפּסלערײ און איר וועט זען אַז אויף די פּאָליצעס שטייען אַ מאַסע שאַכט-לען וואָס פון דרויסן זעען זיי אויס ווי זיי וואָלטן געווען אָנגעפּולט מיט סחורה אָבער אינעווייניק זענען זיי ליידיק און אָן אינהאַלט. צום פרעגן. צו וועלכן צוועק שטייען דאָרט די ליידיקע שאַכטלען און וואָס איז זייער אויפגאַבע. צום ענטפערן. די אויפגאַבע פון די דאָזיקע שאַכטלען איז אָפּצונאַרן דעם עולם. מען זאָל מיינען אַז דער געוועלבניק טוט גרויסע געשעפטן. געשעפטן ריזיקע געשעפטן אומגעהויערע. און איז דען די וועלט נישט ס׳גרויסע געשעפט פון דער הימל-מאַכט. איז דען נישט די אויפגאַבע פון דער גאָטהייט צו מאַכן אַן איינדרוק אויף אירע קונדן מען זאָל מיינען אַז די וועלט איז אַ גרויסער ערפאָלג און אַז דאָס לעבן איז אַ ריזיקע אונטער-נעמונג מיט בראַנשן אויף דער פּראָווינץ. און דעריבער מיין קינד איז איצט צו זען אַזוי פיל מענטשן מיט ליידיק-גייענדע נשמות. פּוסטע שאַכטלען אין דעם געשעפט פון טויט און לעבן. דען געשעפטלעריש איז די גאָטהייט און זי האָט מורא פאַר קאָנ-קורענץ. פּוצט זי דעריבער יעדן טאָג די שוי-פענסטער פון איר געוועלב זיי זאָלן בליצן און פאָדערן אויפמערקזאַמקייט און די הענטלעך פון דער וועלט-טיר זענען אַזוי פאַרפּיריש און די

שילדן זענען געמאַכט פון שרייענדע זונען און לבנות כדי עס זאָל רופן און צוציען. גאָטהייט איך ווינטש דיר ערפאָלג אין דיין אונטערנעמונג.

## LXLI

אַ בריוו צו מיין ליבן שוואָגער. זיי וויסן אַז עס זענען פאַרהאַנען מענטשן וואָס דענקען אין געדאַנקען און עס זענען פאַראַן מענטשן וואָס דענקען אין ווערטער. שרייב מיר וואָס מאַכן דיינע קינדער. די וואָס דענקען אין געדאַנקען לייגן-אויף אומזיסטן וועג. ווייל נאָכדעם ווי דער געדאַנק איז שוין אויסגעדענקט האָבן זיי ערשט נישט קיין ווערטער פאַר דעם געדאַנק אין וועלכן אים אָנצוטון. און ביז וואַנעט זיי האָבן אויסגעדענקט די פּאַסיקע וואָרט-קליידער האָט זיך דער אויסגעדענקטער באַקעטער געדאַנק דערווייל פאַרקילט האָט אָנגעהויבן הוסטן און איז געגאַנגען פון דער וועלט יונגערהייט. גוט איז די וואָס דענקען אין ווערטער מיין ליבער שוואָגער. ווערטער זענען פלינקע גרינגפיסיקע לייט. קוים איז דאָס וואָרט אויסגעדענקט וועט עס שוין זיין געדאַנק געפונען אַליין פון זיך. ווייל ווערטער זענען טומלדיקע לייט און אינטעליגענט און פול אַמביציע. פאַרשטייסטו ליבער שוואָגער מיין טיפן געדאַנק וועלכער איז אויסגעדיכטעט געוואָרן אין בלויזע ווערטער.

## LXLII

ראובן בריינין ווייסט אַז בערגסאָן ווייסט וואָס עס איז אזוינס הומאָר. און איך טרייסט מיך דערמיט וואָס ראובן בריינין ווייסט אַז בערגסאָן ווייסט אַקוראַט וואָס עס איז אזוינס הומאָר. נאָר איך אָרעמער מענטש וואָס איך האָב אָפּט אַליין מיט מיינע פינגער אָנגעכאַפּט ס׳געלעכטער ביים האַלז און עס

געהאַלטן אַ צאַפּלדיקס פּאַר אייערע אויגן איך אַליין ווייס נישט גענוי וואָס עס איז אַזוינס הומאָר. איך ווייס נאָר אַז מיר אַלע זענען דאָס געלעכטער פון דער גאָטהייט און אונזערע מיזעראַבעלע לעבנס זענען די אותיות וואָס שטעלן צונויף דעם געלונגענעם אָדער נישט געלונגענעם לעבן=און=טויט וויץ. און נאָר דעמאָלט ווען מיר גנבענען אָפּ ביי גאָט אַ ברעקל אייביקייט אין וועלכער מיר קאָנען לעבן אויסער אים דעמאָלט דערזעען מיר די נישט באַהאָלפנקייט פון דעם קאָמיקער און מיר לאַכן פון זיינע נישט=געלונגענע שאַפונגען. פון זיך זעלבסט. הומאָר איז אַ טראַגעדיע אין אַ פליסיקן צושטאַנד. עס איז דאָס שטיק אייזן וואָס האַלט אין פאַלן איבער אונזער קאָפּ איידער עס דערשלאָגט אונז. עס איז דער טויט ווי ער ווערט געלעבט פון יעדן פון אונז. טאָג=איין טאָג=אויס. אָט די ערקלערונג מיינע וועגן הומאָר איז נישט קיין באַלויכטונג נאָר אַ פאַרטונקלונג אַזוי צו זאָגן.

LXLIII

אין אַ קרישטאָלענעם פראַנז פון מיין קאַנדעלאַברע ליכטיקט זיך אָפּ אַ בלוירויטער פייערפונק. ווי אַ פייערדיקע בלישטשענדיקע לאַנגע וויינטרויב ציטערט דער קרישטאָל. עס דוכט זיך דו קענסט דאָס קרישטאָל אויסדריקן און אַ בלויער פייערדיקער וויין וועט אַרויסשפּריצן. אין אַ קרישטאָלפראַנז פון מיין קאַנדעלאַברע ברענט דער חלום פון מיין לעבן. ציטערנדיק איז ער און קליין און בלויז אַ אָפּשפּיגלונג פון אַ קינסטלעכן ליכט וואָס אַ האַנט קען זיך אויפהייבן און עס אויסלעשן. אין אַ קרישטאָלענעם פראַנז פון מיין קאַנדעלאַברע ברענט מיין פאַרגאַנגענהייט. מיין פאַרגאַנגלעכקייט. מיין אויג פרייט זיך מיט דעם ליכט. גייט שפּאַצירן אין זיין בלויען גאָרטן ווי עס געשען וואונדער. אָבער פּלוצים גיט עמעצנס אַ האַנט אַ ריר דעם לייכטער און אַלץ ווערט אַזוי גרוי. אַזוי איינגעשטויבט. אַזוי געוויינלעך

## LXLIV

קאָראַ מיין ליבסטע די זון גייט שוין ווידער אונטער. ס'איז
איר ווייניק וואָס זי איז אונטערגעגאַנגען ביז היינט. זי באַנוגנט
זיך נישט. ווייל אויך דאָס אונטערגיין איז אַ פאַרגעניגן מ י י ן
ה אַ ר צ נ ס ג ע ל י ב ט ע. און אַפילו דאָס שפּרינגען אין אָפּגרונט
אַריין איז אַ צייט פאַרטרייב אויף אַ ווייל. דערנאָך ווערט מען
מיד. ווי איך בין מיד פון טראָגן מיין אייגענעם ווילן. ווי דו ביזט
מיד פון דיין שטאַרבענדיקן הונגער. ווי דער בוים איז מיד פון זיין
שאָטן. ווי דער שאָטן איז מיד פון זיין בוים. ווי מיר אַלע זענען
מיד צו זאָגן איינס צו ס'אַנדערע 1 גוט-באָוונט. 2 גוט-יאָר.
3 וואָס מאַכט אייערער עלטערער ברודער. 4 עס פרייט
מיך אייער באַקאַנטשאַפט. 5 מירן לעבן וועלן מיר זעען.
6 מזל טוב איך, 7 סאַ וועלט מיט וועלטעלעך. 8 עס
שטעלט זיך שוין דער זומער. 9 עס איז נישט אַמאָ-
ליקע צייטן.

## LXLV

קאָרא מיין קאָראַ, נעם אָן מיין איידל=אויסגעוואַשענע
האַנט. מיט די אָדערן ווי אויף קאַראַרער מירמלשטיין. ווי סטרו=
נעס אויף אַ פינף=גלידערדיקן שפּיל=אינסטרומענט. נעם אָן מיין האַנט
און לאָמיר גייען אַהין וווּ די בורשטינענע פלוימען הענגען
שווער פון די צווייגן אַראָפּ. וווּ די בינען לעבן פון זייער איי=
גענעם האָניק. וווּ וואַסער=פאַלן טרינקען זיך אין זייער אייגע=
נער שרעקלעכקייט.

## [redacted]X[redacted]VI

ערגעץ אָן אַ זייט פון טייך איז פון דער אומענדלעכער
רויט=זון אַ שווערד געפאַלן. שאַרף און בלוטיק. איך האָב עס

געזען און פאַרצייכנט. אַביסל העכער לעבן דער טאַנץ=קאַזינאָ איז דאָס וואַסער געווען צעפּירט אַזוי ווי מיט שווערן ווײַן וואָס באַקומט פון דער צעמישונג אַ רויטלעכע פאַרב. שפּעטער אין דער נאַכט אַריין זענען די וואַלד=וועגן געלעגן ווייס און אָפּגעמאַטערט. האָבן געוואָלט עפּעס זאָגן אָבער זיי האָבן עס טיפער אויסגעשוויגן. אויסגעשוויגן ביז צום ל ע צ ט ן טראָפּן. אַזוי אַז נאָכדעם ווי זיי זענען פאַרטיק געוואָרן דערמיט איז שוין גאָרנישט געבליבן וואָס צו שווייגן. אַ מאַסע רונדלעכע בלעטלעך אויף בלויז איין געוויסן בוימל האָבן זיך געריסן. יעדער פאַר זיך. עפּעס אַזוי ווי אַן אָפּגעהאַקטער עק פון אַ ווינט=שלאַנג וואָלט דאָ איבערגעבליבן נאָכדעם ווי די שלאַנג אַליין איז געווען טויט. און די נאַטירלעכע ווייסע טרייסטענדיקע רו האָט זיך פאַרקראָכן אין אַלע וואַלד=ווינקלען. און דעמאָלט קאָראַ מײַנע האָב איך געטראַכט פון דיר. געטראַכט פון מײַן רו וואָס שלומערט אין די פאַלדן פון דײַן ליכטיקן לײַב. אין דער זאַפראַן=רויטקייט פון דײַנע צעפּ. געטראַכט פון דער צ ו פ ע ל י ק י י ט פון מײַן פײַער וואָס איך האָב איבערגעגאָסן אין דיר כּדי עס זאָל נישט פאַרלוירן גיין איידער דער וועלטס לעצטע רגע גייט אויס. געטראַכט אין פײַן=פראַזן. אַ שטומער פידל בין איך וואָס הענגט אויף דײַן וואַנט און ווי אין עפּעס אַ לירישער דערציילונג קריכט אויף מיר דער לבנהס געלע שפּין. אָדער די ליכט=שפּין פון דײַן אויג. די סטרונעס ציטערן. שפּילן. ווערן לעבעדיק. צום ריטם פון דײַן אויגן=שפּין. צום טאַנץ פון דער לבנהס קרום=געלע פיס. אַנדאַנטינאָ. אַנדאַנטע.

## LX[illegible]VII

מיר זענען צוגעבונדן. איך בין צוגעבונדן צו מײַן גאָלדן קייטעלע וואָס איז צוגעבונדן צום הויז=שליסל וואָס איז צוגעבונדן צו דער טיר וואָס איז צוגעבונדן צום פונדאַמענט וואָס איז צוגעבונדן צום ערד=קוגל וואָס איז צוגעבונדן צום אוניווערזום וואָס

איז צוגעבונדן צו דע־ גאָטהייט וואָס איז צוגעבונדן צו דער אייביקייט וואָס איז צוגעבונדן צן זיך זעלבסט. מיר זענען צו=געבונדן צום ביסל אָטעם און צום שטיקל פּולס. מיר זענען צו-געבונדן צום נאַרישן שלאָף. און אפילו צו די טויטע בהמות וואָס מיר עסן זענען מיר א ו י ך צוגעבונדן. מיר זענען אַזוי שטאַרק צוגעבונדן צו אונזער צוגעבונדנקייט אַז מיר ווילן זיך דערפון נישט אָפּבינדן בשום=עופן.

## LXLVII.

זיי קומען צו אונז ווען מיר שטאַרבן. זיי קומען צו אונז ווען מיר פאָרן אַוועק. זיי קומען צו אונז ווען מיר ווערן געיובלט און געפייערט. זיי קומען צו אונז ווען מיר זענען אין מאָדע. זיי קומען צו אונז ווען אַ ל ע קומען צו אונז. זיי קומען לייגן קרענץ אויף אונזערע ק:רים. זיי קומען זיך א ו י פ ה ו י ב ן צ ו ע ה ר ע פ ו ן א ו נ ע ר ג ע ש ע ט אָ ר ב נ=ק י י ט. זיי קומען צו אונז באַלויכטן ווערן פון אונזער ליכט. באַטראַגישט ווערן פון אונזער טראַגעדיע באַשמייכלט ווערן פון אונזער שמייכל, זיי קומען נישט צו אונז ווען מיר זענען איינ=זאַם. ווען מיר פאָרן נישט אַוועק. ווען מיר שרייבן אָן אַ שוואַכע זאַך און מיר דאַרפן אַ טרייסט. ווען מיר שטאַרבן ביסלעכווייז און מיט אַ געווויסן סיסטעם. ווען מיר דאַרפן געלט און לוקסוס. ווען מיר נויטיקן זיך אין בלאָנדער אָדער אַלגע-מיינער ליבע. ווען מיר דאַרפן עמיצער זאָל אונז אַרויפשלעפן אַ זעקל קוילן פונם קעלער אָדער טון אַן אַנדער נוצלעכע אַרבעט. ווער מיר גייען אַרויס מיט אַ שרעקלעכן צאָן=ווייטיק און מיר האָבן נישט ווער עס זאָל אונז צוהאַלטן די באַק. ווען מיר זענען נישט זייער טויט און נישט זייער לעבעדיק נישט זייער אומעטיק און נישט זייער פריילעך. ווען מיר זענען אַ מענטש מיט אַלעמען גלייך און ווען עס איז אויף אונז אַז רחמנות.

# מיר פליען

סיר אָליווער לאדזש גלויבט אין א לעבן נאָכן טויט. אין" אויך. מיר זענען א לעבן נאָכן טויט. דאָס לעבן איז שטענדיק א אומרויקע וועל אויף דער אויבערפלאַך פון דעם טויטן ים. דאָס לעבן איז דער רירעוודער טייל פונם לעבן, אזוי צו זאָגן. עס איז די באַוועגלעכע ברעם איבער דעם אומ-באַוועגלעכן, קאַלטן אייביקייט-קערפער. מיר זענען דאָס לעבן נאָכן טויט — פון אזויפיל דורות. מיר זענען די גייסטער פון יענער וועלט, מיט וועלכע אונזערע עלטער-עלטער זיידעס שטייען אין פאַרבינדונג.

פירוואָר! מיר זענען די אינטערעסאַנטסטע גייסטער, וואָס מ'קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן. מיר הייבן נישט נאָר די פיס פונם מעדיומס טיש, נאָר אויך אונזערע אייגענע פיס. אז איר פרעגט אונז, וואָס עס הערט זיך, ענטפערן מיר קלאָר און דייטלעך: „א דאַנק! גאַנץ גוט!"

מיר זענען אויסגעצייכנטע גייסטער — אַרבייטזאַם, שטיל, פרידלעך, און ווער עס איז אין אונזער מדרגה, קאָן אונז קלאָר זען. פאַר די וועטער-טויטע בלייבן מיר נאַטירלעך, א שטיקל רעטעניש. זיי קאָנען נישט באַגרייפן ווי אזוי א נשמה קאָן זיך ארומוויקלען מיט אזויגע נאַרישע זאַכן, ווי לונגען, נירן, גדערים און אזוי ווייטער. זיי קאָנען נישט פאַרשטיין ווי אזוי עס איז מעגלעך א לעבן-שאָטן אָן דער טויט-ווירקלעכקייט.

פירוואַר! עס איז זיכער פאַראַן אַ ווייטערער טויט נאָכן נאָענטן. אָדער אַ נעענטער לעבן נאָכן וויטן. דער מאָמענט פון שטאַרבן איז בלויז אַ דינער פאָדים, וואָס קאָן נישט צעטיילן דעם ים אויף צווי העלפטן.

מיט אַ פּראַזן-פּראַנז: דער לאָמפּ קאָן זיין אַ נייער, דער אייל קאָן זיין פּריש-אָנגעגאָסן, אָבער דאָס ליכט בלייבט אייביק-אייביק דאָסזעלבע.

* *
*

קוקט אויף אים!

ער איז זאַט. ער איז אָנגעגעסן. ער רעדט וועגן די ברענענדיקע שטערן, וועגן די וואַלדרויזן, וועגן פלייטנשפּיל אין די גרינע טאָלן, וועגן רעליגיע, וועגן שיינקייט, וועגן ליבע.

קוקט אויף אים!

ער איז זאַט, ער איז אָנגעגעסן, שפּילט ער זיך מיט זיין נשמה, ווי מיט אַ גאָלדענער פייל. רעדט ער צו איר וועגן דער אויסגעלאָשענער לבנה אויפן פרימאָרגנהימל. ברענט ער ווייניק צו זיין קראַנקלעכן רחמנות, פאַרטיפט ער זיך אין די מיסטעריען פון לעבן-און-טויט. זינגט ער עפּאָסן, באַלאַדן, סאַגאַס, לעגענדן.

קוקט אויף אים, ווען עס איז צייט, און באַוווּנדערט אים! אָבער מיידט אים, ווען ער איז הונגעריק.

דעמאָלט איז ער —
טיגעריש, ווי דער טיגער,
טכוירישער, ווי דער טכויר,
פוקסישער, ווי דער פוקס.

דעמאָלט שפּאַנט ער מיט אָקסיש-עקשנישע אָקסלען איבער דער וועלט און מאָרדעט רעכטס און לינקס. דעמאָלט וואַלגערט ער זיך אין בלוט, ווי אַ שווין. דעמאָלט זינגט ער נישט פון די אויסגעברענטע שטערן, פון די ברוינע ליליען, פון רעליגיע-זער מיסטיק.

דעמאָלט איז ער, ווי דער קרעציקער הונט, וואָס רייסט

זיך מיטן ברודער-הונט פֿאַר אַ ביין. דעמאָלט איז ער אַן אומ־
זיניקער לאָקאָמאָטיוו, וואָס הייצט זיך אַליין, כדי ער זאָל קאָנען
לויפֿן אַהין, וווּ עמעצער האָט פֿאַר אים באַשטימט. דעמאָלט
איז ער אַ שטיק פֿאַרגייענדיקער אמת, אָפּגעריסן פֿון דעם
געטלעכן קוואַל, ער איז אַ געמיינער מענטשלעכער אמת
פֿאַר זיך, וואָס האָט מיט דעם גרויסן אמת גאָרנישט צו
טון. ער איז דער דראַמאַטישער זין פֿון לעבן, וואָס האָט זיך
פֿאַרבענקט נאָך דעם הינטער-קוליסישן שטויב. עס איז די באַ־
קעמפֿטע בעסטיע אין מענטש, וואָס איז אויפֿגעשטאַנען און
גענומען פֿאָדערן איר רעכט. עס מוז די נאַטירלעכע, פּרי־
מיטיווע פֿלייש-פֿרעסנדיקע חיה אויסגעטון ווערן פֿון אַלע קליידער,
וואָס זי האָט אויף זיך אַליין אַרויפֿגעוואָרפֿן אין אַ מינוט פֿון
אַ אַנטפּלעקונג, פֿון פֿאַרשעמטקייט.

היט זיך דו געצערטלטער, דעגענערירטער, עסטעטישער,
פֿאַר דער בייזער בעסטיע אין דיר, ווען זי שטעלט זיך אויף
די הינטערשטע פֿיס און טרייסלט דיך אַראָפּ פֿון זיך, ווי אַ
פֿאַלשע פֿעל!

*

אַ יאָרהונדערט איז פֿאַרגאַנגען. צוויי יאָרהונדערטן זענען
פֿאַרגאַנגען. וווּ זענען די שפּורן פֿון זייערע טריט? פֿון זייער
הויך וואַסער און פֿלאַך וואַסער? פֿון זייערע פֿרילינגס און ווינטערס?

וווּ זענען זייערע ליכטיקע טרוימגעוועבן? זייערע וווּנ־
דערלעכע האָפֿנונג-מוסטערן?

אַ יאָרהונדערט, צוויי יאָרהונדערטן, אַכט יאָרהונדערטן,
אַ יאָרטויזנט!

צו וואָס האָבן געלעבט אָט די אַלע יאָרן? וואָס איז
געווען זייער זין? זייער צוועק?

איך וועל אייך דערקלערן, מיין ליבער: די אַלע טויזנט
יאָר האָבן געלעבט, כדי דער קידוש-בעכער אין מיין שאַפֿע
זאָל היינט די ווערט האָבן פֿאַר מיט 45 דאָלאַר!

אַ יאָרטויזנט האָט געלעבט און פֿאַרשוווּנדן, כדי גורם

צו זיין, אַז מיין קידוש-בעכער זאָל זיין אַן אַנטיק פונם ניינטן יאָרהונדערט!

אויפֿן זילבערן בעכער, מיינע טייערע, איז געבליבן דאָס פאַרגאַנגענע יאָרטויזנט. זעט און באַוווּנדערט עס!

באַוווּנדערט די אידיאָטישע טויזנט יאָר, וואָס האָבן געלעבט צוליב דעם, אַז מיין קידוש-בעכער זאָל היינט די ווערט האָבן מיט 45 דאָלאַר מער, ווי דעמאָלט, און עס איז אויסגעהאַמערט געוואָרן פון דעם פעיקן, פילפאַך-פאַרגעסענעם זילבער-שמיד.

*

איך בין געפאָרן אין דער ביינאַכטיקער באַן. דורך אַ טומאַן און אַ רעגן — טיפער אין דער טיפער נאַכט אַריין.

דער טומאַן האָט די פענסטער פאַרצויגן און די נשמות, וועלכע זענען אויך אפשר נישט מער, ווי פענסטער אין אַ לויפנדיקער באַן, וואָס לויפט אין דער נאַכט אַריין.

איך האָב געקוקט אין זיך אַריין און געפילט ווי טרערן רינען טיף אין מיר אַזוי אומעטיק, ווי דער רעגן אין דרויסן. איך בין געוואָרן אַ ריטם, אַ טאַקט — אַרויסגערוישט פון די באַן-רעדער, אויסגעזונגען פון די רעגנסטרונעס, אויסגעליכטיקט פון די לאָמפּן, וואָס האָבן אויף-און-אָפּ געפלאַמט, ווי די האָפנונג אין אַ נשמה, וואָס איז פול מיט וועלטמידקייט.

איך בין געפאָרן אין אַ שטילער, ביינאַכטיקער באַן, אין דער רעגנדיקער נאַכט אַריין. עמעצער — ווי מ'זאָגט אין די לידער — איז נאָכגעלאָפן דער לויפנדיקער באַן און אַרויפגעוויינט אויף די פענסטערשויבן.

דער ווינטמאַן אין גרויסע, געגלעזערטע, גראָע, פלינקע טויזנט-מייל שטיוול, האָט זיך פלוצים אויפגעכאַפּט, גענומען נאָכלויפן אָט-דעם נישט געזעענעם, וואָס איז געלאָפן און געוויינט אויף אונזערע פענסטערשויבן, און איך (אַזוי האָב איך פאַרשריבן אין מיין נאָטיצביכל!) האָב געוויינט איבער די נישט-פאַרשטאַנענע טרערן-רעגן פון דעם נישט געזעענעם, וואָס האָט

אַרויפגעוויינט אויף די פענסטערשויבן, געוויינט איבער דעם עלנדן, וויינענדיקן ווינטמאַן, וואָס לויפט אונז נאָך און וויל אונז עפּעס זאָגן, נאָר מיר הערן אים נישט, ווייל מיר פּליען (אין איילעניש געוויקלט!) אין דער טיפער נאַכט אַריין.

## איך בין אַ מיטליאריקער מענטש

הערט. איך בין אַ מיטליאָריקער מענטש. מיינע האָר זענען גרויגעזילבערט. מיינע טריט — רויק. מיינע אַפּעטיט-נערוון — מעסיק. מיין שלאָף — געמיטלעך. פון איין שטיק אָפּגעשניטן. קומט די נאַכט, צי איך נישט אַריין דעם קנויט פון מיין לעבן, נאָר איך בין, ווי אַ ברענענדיק ליכט, וואָס גיט אויף זיך זעלבסט אַ בלאָז און לעשט זיך אויס. ווונדערלעך! —

גוטע שפּייז, מילדע געדאַנקען, ווייכער שלאָף געבן צו מיינע אויגן דאָס פיינע פינקל-פייער, וואָס איז ווערט צו ווינשן. מיינע געוווינהייטן זענען שטיל, רעליגיעז, פאַרשלאָפן-פלעגיש, ווי אַ דאָרף-קלויסטערל אין אַ שטילן ווייסלבנהדיקן ווינטער-אוונט, ווען פון אינעווייניק הערט זיך דאָס פרומלעכע געזאַנג: „גאָט, פאָטער אונזערער!”

איך בין מיטליאָריק. נאָרמאַל. נישט איבערטריבן. שימל אויף דער וואַנט איז מיר נישט קיין גרינגאָלד. הגם עס מעג זיין פון דערזעלבער פאַרב. טוי באַפּערלט שפּינוועבס אויף אַ צווייג איז ביי מיר נישט די טרערן פון מיין שוועסטערס שיין מיידל (עלפאַ). הגם דער בלישטש איז כמעט דערזעלבער.

אינם געמיטלעכן מיטלאַלטער פון מיין לעבן לאָזן זיך אויפן ווייטן וואַנדערוועג די צלם-שלעפּער פון מיין פאַנאַטישער האָפנונג. זיי לאָזן זיך אין ווייטן וועג אַריין — איינצוקויפן אַ בעסערן סאַמאָוואַר פאַר מיין טיי-שטוב, אַ שאַרפערן אָריע-

טאַלישן טאַבאַק פאַר מיין ליולקע. ביליקערן טעמפל-ווײַרויך פאַר מײנע אַלטע, אָפּגעניצטע געטער.

איך בין מיטליאָריק. דיסטינגירט. די מאַדאַם נאַרטאַ זאָגט מיר, אַז איך בין איצט אין די שענסטע יאָרן. עלעגיש, ווי אַ וואַלד אין האַרבסט. „מאַדאַם" (טראַכט איך), אַ טיפן דאַנק אײַך פאַר אײַער ליגן. דאָס איז נישט ווייניקער שיין, ווי אײַער אמת, אויף וועלכן איר פאַרוואַרפט שטענדיק אַ דינעם וואַל פון ליגן, כדי ער זאָל — ווי אַ נישט-גאַנץ-נאַקעטע טענצערין — זײַן מער רייצנד, מער צו-ציענד.

וואָרהאַפטיק, איך בין מיטליאָריק געוואָרן, מײַנע פרײַנט. און איר האָט עס גאָרנישט באַמערקט!

פונקט ווי איך האָב נישט באַמערקט, אַז אַ אונגעהוירע צאָל פון אײַך אומבאַקאַנטע, ווילדפרעמדע מענטשן זענען אַרײַנגעבוירן געוואָרן אין אונזער וועלט אַרײַן, אָן אונזער וויסן, אָן אונזער ערלויבניש.

סימנים פון מײַן מיטליאָריקייט: אַמאָל האָב איך ליב די געפערלעכסטע, די פאַרהייראַטסטע, די שענסטע. האָב איך ליב אַזוינע, וואָס ברענגען מיט זיך פרידן און זי־כערקייט.

אַמאָל פלעגט מיך אין די גרין-חדשים פון פרי-פרילינג אַ וואַנדערלוסט אָנכאַפּן און מיך טראָגן אין דער ריכטונג פון מײַנע ברוינע אויגן. ווי אַן אמתער וואַגאַבונד פלעג איך מיר אָנגורטן די לענדן מיט — 115 דאָלאַר און גיין זוכן מײַן גליק אין שטויביקע שטעט, אין עלנטע דאַך-שטיבלעך, אין ווינער נאַכט-קאַפעען. היינט וואַנדרעווע איך אויך אַרום. בלויז אין געדאַנק. עס איז אַ סך באַקוועמער. היינט זיץ איך אויף מײַן שאָקל-שטול און טרוים (מיט פיס באַשטעקטשיכטע!), אַז איכל ווערן אַ טרעמפּ-דע-לוקס און זיך אַרומשלעפּן — מיט אַ וואַנע אויף די פלייצעס, מיט אַ טעלעפאָן ביים אויער און מיט אַ צונויפגעלייגט קונסט-טעאַטער — אונטערן אָרעם.

איך בין מיטליאָריק, מײַנע פרײַנט, מיר איז אַזוי גוט. נאָר דאָס, וואָס עס איז מיר אַזוי גוט, איז זייער שלעכט!

ווען איך זאָל מיך מעגן אויפרעגן (מיין דאָקטאָר, הער ז. ניימאַן ערלויבט נישט!), וואָלט איך אַ געשריי געטון אַזוי, אַז דאָס האַרץ זאָל פּלאַצן: „גיט מיר צוריק מיין אומרו! מיין כּעס! מיין נאַרישע זיכערקייט! מיין יונגשאַפט!"

*

נעכטן אין רעדאַקציע: דער יונגערמאַן האָט געשריבן קריטיק און געקריצט מיט די ציין. „גאָרדין? ווער איז גאָרדין? אויף בלעטל 134 פון מענדעלעס שריפטן געפינען זיך געגויטע 8 (אַכט) פעלערן. פּרץ איז אויך נישט דאָס. און דאָס ברען-וואָרט? הערט! טענדענץ איז גאָרנישט. נאָבעלע אבזיכטן, האַ! ריינע קונסט ווילן מיר, טאַלענט!"

איך האָב דאָס אַלצדינג געהערט און געבליבן גלייכגילטיק, נישט באַוועגט. גערן וואָלט איך מיך געערגערט איבער מענדעלעס בלעטער נומער 134, אָבער איך קאָן נישט.

וואָרהאַפטיק! — זעץ איך מיך צו דער שרייב-מאַשין (כ'האָב זייער ליב צו הערן איר ריטמיש קלאַפּן!), און איך שרייב אָן די ערשטע דריי שורות פון עפּעס, וואָס וועט קיינמאָל נישט ווערן קיין ליד:

וואָרטוועבער, וואָרטוועבער, וועב מיר אַ וואָרט!
פון פאַרביקן-שטאַרביקן שמעטערלינג-סאָרט...
וואָרטוועבער, וואָרטוועבער, וועב מיר אַ וואָרט!

*

ווען מיין פריינט, דער קריטיקער, (22 יאָר אַלט), האָט געענדיקט לייענען זיין שאַרפשרייבעריי, האָב איך אָנגעצויגן מיין גאָלדן זייגערל, עס צוגעלייגט צום אויער און געהערט, צו סע גייט.

ער האָט זיך געהיצט: „אמתע קונסט פאָדערן מיר! קונסט געלייטערט דורך טיפן צער, דורך זיך-צעשניידן, זיך אין דעם אייגענעם בלוט אָפּשפּיגלען. דאָס לעבן (זאָגט ער) איז צו קורץ —"

„איכל באַלד מוזן גיין !" — האָב איך געזאָגט און געקוקט אויף מיין זייגערל. איך האָב געטראַכט: איך בין אַ מיטליאָריקער מענטש. ריטערלעך-גרויסמוטיק, באַשיידן, טאַקטיש. מאַך איך עפּעס אַ שטאַרקע באַהויפּטונג, פאַרוואַסער איך זי מיט אַן „אפשר", אָדער מיט אַ „מיר דאַכט זיך". אָבער ער איז אַזוי זיכער אין דער שוואַכקייט פון בלעטל נומער 134 פון מענדעלעס שריפטן!

*

איך פינאַליזיר: מאַדאַם מאַרטאַ! איך בין אין דעם קאַלטבלוטיקער מיטל-עלטער פון מיין לעבן, איך גלויב, אַז דער דורכשניטלעכער מענטש איז (אפשר) אין דורכשניט אַ סך מער, ווי דער דורכשניטלעכער מענטש, — אָדער אפשר *ווייניקער*. ווער ווייסט? *איין* זאַך ווייס איך אָבער: אין אַ וועלט פון אַזוי פיל מיטליאָריקע, איז (אפשר) געמיינקייט צו זיין יונג, אויפגערעגט.

## הנני, העני ממעש

ווייל עס ענדערט זיך, עס ענדערט זיך דאָס לעבן. טייכן פֿאַרגייען, זונען ברענען־אויס הינטער ידי בערג, אַלטע טויטקייטן ווערן אויף נייע לעבנס איבערגעגאָסן, און מיט שאַרפֿע ציין בייסט זיך דער היינט אָפּ פֿון די נעכטנס, וואָס ציטערן רויטבלוטיק אויף זיינע ליפּן, ווי אַ צעהאַקטע שלאַנג.

אַמאָל איז געווען: איך בין געקומען פֿון אַ גלויביק אָרט, פֿון אַ קליין ווינקל־אָרט, ווו וואַסערן זינגען און טויבן פֿליען איבער די דעכער, און די שולן זענען הויך און קאַלט און מוראדיק. און די מענטשן זענען קליין און דערשלאָגן און אין זייערע אויגן ברענט אַ טיפֿער צער, אַן אונטערטעניקייט צו די שווערע, פּריצישע הימלען, וואָס וואַרפֿן זיך אַרויף אויף דעם אָרעמען, שמאַטעדיקן שטעטל פֿון ווייסן ליים.

האָט די אמונה זיך אין מיין בלוט אַריינגעזאַפּט, און מיין האַרץ איז צום הימל באַהעפֿט געווען.

איז שווער אַ יונגער פֿלאַנץ פֿונם היים־אָרט אַרויסגעריסן צו ווערן, קאָן זי ערגעץ אַנדערש נישט בליען, און וואָס איידעלער די פֿלאַנץ, אַלץ שווערער וועט זי זיך אין פֿרעמדער ערד אַריינוואַקסן.

ווייל דאָרט איז די ערד ווייך, ווי די האַנט פֿון אַ קראַנקער מאַמען, און דאָ איז זי האַרט, ווי די קללה פֿון אַ שטיף־ברודער.

און דער גלויבן איז דער איידלסטער נערוו פֿונם לעבן.

האָט מיר יאָרן גענומען ביז וואַנעט כ'האָב דעם גלויבן פון מיין האַרץ אַרויסגעריסן. אויף פרעמדער ערד צעזעעט, אינם ווינד פון אייזנשטויב, אין די ווענט פון פאַררויכערטע זאַלן, ווו מ'האָט לעקציעס געלייענט איבער דער פרייקייט פונם לעבן, איבער דער ליידיקייט פון די הויכע הימלען. און וואָס מער איך האָב אויסגעליידיקט דעם הימל, אַלץ ליידיקער איז געוואָרן מיין אייגן לעבן, וואָס מער איך האָב פאַרשאָטן מיין וועג צו דער שול, צלץ מער האָב איך פאַרשאָטן מיין וועג צו זיך אַליין, און איך האָב זיך אין ערגעץ נישט געקאָנט באַגעגענען און רעדן צו זיך.

און דער ערשטער פרייער יום-כפור:

ביים ים בין איך געזעסן, געקוקט ווי גראָע שיפן חלומען זיך אַוועק אין די ווייטקייטן אַריין, ווי די וואַסערן ציטערן און שלאָגן מיט ערפורכט און פרומקייט, ווי דאָס זאַמד פונם ברעג הויבט זיך אַלעמאָל אויף, מיט גרויס ציטערניש, און עס ווייסט נישט, וואָס ס'זאָל טון. מיר איז געווען אַזוי אומעטיק-שווער אינם בלוט. טויזנטער שול-געזאַנגען האָבן געקלונגען דורך מיין לייב, און איך האָב מיין נשמה טויב געמאַכט מיט הויכע געזאַנגען וועגן פראָגרעס און פרייהייטס-קאַמף און רויטע פאָן. אָבער ס'האַרץ האָט געוויינט און זיך געבעטן אין שול אַריין — אַהין צו די שטענדערס, מיט צאַנקענדע נשמה-ליכט, אַהין ווו מ'וויינט אונטער טליתים, און מ'בעט גאָט, אַז ער זאָל מוחל זיין אויף די זינד. ווייל וואָס זענען מיר? — אַ שטויב, וואָס פאַרגייט, אַ פייער וואָס פאַרלעשט, אַ וואַסער, וואָס טרוקנט אויס.

אָבער דעמאָלט בין איך געווען יונג און פאַרגלויבט אין דער רעליגיע פון פרייקייט. האָב איך דעם ערשטן יום-כפור-תענית געבראָכן, און איך האָב מיך געפילט אַזוי זינדיק, אַזוי באַפלעקט, אַזוי פאַלש...

לויפט די צייט, ווי עפעס אַ טונקל וואַסער, וואָס גאָרגלט זיך צווישן שטיינערדיקע אָפּגרונטן: אַמאָל איז עס

געפּערלעך-טיף, אַמאָל שפּיגלדיק-פלאַך, אָבער תּמיד שלעפּט אויף זיין רוקן די שאָטנס אַוועק – די אילוזיעס.

איז די פרייקייט רויט און רייף געוואָרן אין מיין נשמה, און דער גלויבן איז אויף די וואַסערן פון דער צייט פאַרשוווּמען. און איך בין געבליבן אַזוי ליידיק, ווי אַן אויסגעפּלינדערטער טעמפּל, פון וועלכן מען האָט אַלע היילקייטן אַרויסגענומען און אַלע טירן אָפן געלאָזט.

נאָר אויף די ווענט פון מיין נשמה זענען געבליבן צייכנס פון דער אויספּלינדערונג; און קאַלטע שפּינען האָבן זייער געוועב פאַרשפּרייט, און אויף דער שפּינוועב-טיר פון מיין אומגלויבן האָט די לעצטע לעבעדיקע שפּין געציטערט און מיך געשראָקן.

ווייל דער יסוד פונם מענטש איז די ערד, און צו דער ערד קערסטו זיך אום, און אייביק בלייבט דער הימל, און דער גאַנג פון די שטערן בלייבט אייביק.

אַ יאָר און צוויי און צען און פופצן. און אומעטום זעסטו: מענטשן בעטן צו גאָט, און זייערע בעטנדיקע הענט בליצן קעגן הימל, ווי פעלדער מיט ווייסע תּבואות. און פונם הימל נידערט אַראָפּ אַ שפּריירעגן פון האָפענונג, און טרייסט און בענטשונג, און אַלע טייכן און ימים קוקן אַרויף. און אַלע מעכטיקסטע דעמב-וועלדער קאָנען זייער בליק פונם הימל נישט אָפּרייסן, מוזן זיין ליב אויסציטערן.

און דער צווייטער יום-כּפּור:

מיט גרויס ערפורכט און דערשלאָגנקייט דערנענטער איך מיך צו דער שול, איך וועל גאָט בעטן, גאָט בעטן, איך וועל מיר אונטערן טלית פאַרקריכן, אונטערן פאַנצערקלייד פון רעליגיע וועל איך מיך שיצן פון דעם פייער פון דעם גראָען שונא, פון דעם חלומות-פרעסער. ביים שיין פון די יום-כּפּור-ליכט וועל איך מיין טויטע יינגעלשאַפט אויפוואַרעמען, וועל איך מיין לעבן באַנייען, וועל איך די אייזערנע אמונה-האַק אויסשמידן.

אָבער די שול, די שול! ווי פרעמד איז זי מיר. ווי

פרעמד זענען די מענטשן. ווי שלעכט שמעקט מיר דער אָטעם פון די שטאַרבנדיקע ליכט. ווי אוממעגלעך איז מיר דער ריח פון צעוואַרעמטע טרערן. און — די זשעסטן! און דער טויבער מענטשנגעשריי, וואָס טרינקט זיך אין אַ וואַסערדיקן געבליפּ, ווי פרעמד איז מיר דאָס אַלעס, ווי דערווידער!

און אַ פאַרשעמטער, ווי איינער, וואָס טוט אַ גרויסע עבירה, ווי דעמאָלט ווען איך האָב צום ערשטן מאָל געבראָכן מיין יום-כפור-טענות — שטיי איך איצט אין שול, און איך פיל מיך אַזוי זינדיק, אַזוי באַפלעקט, אַזוי פאַלש.

פאַרגעב אונז, גאָט. ווייל מיר ווייסן נישט, וואָס מיר טון, ווייל מיר וואַנדלען אין דער פינסטערניש, אינם שאָטן פונם טויט.

# אונזערע מאַרטירער־קרענץ

הוהו. מיר שלאָפן געשמאַק אויף אונזערע מאַרטירער־קרענץ.

אונזערע טראָפּעפּן! דאָס פאַרקילטע בלוט פון אונזערע פאַרפייניקטע.

אונזער זייגער־צייכן: דער לעצטער פּולס, וואָס וואַרפט זיך נאָך קוים־קוים.

ווי פאַרנאַרישטע, איבערטריבענע שוישפּילער גייען מיך זיך רויק אַהיים נאָך דער טראַגעדיע, די אויסגעווייינטע טרערן פאַרזיגלט אין אַ פלעשל, די קרעכצן פאַרצייכנט אויף אַ פאָנאָגראַף־פּלאַטע — און מיר לייגן זיך געמיטלעך שלאָפן אויף אונזערע מאַרטירער־קרענץ די דאָרנדיקע.

אונזער „רוימישער טורעם" איז באַצירט מיט פאַררויטלעכע מזוזות. באַשפּריצט מיט אונזער יונג לעבן.

הוהו, מיר ש ל אָ פ ן ג ע ש מ אַ ק אויף אונזערע דאָרן־קרענץ!

וואָס מער זיי שטעכן אונזער לייב, אַלץ מיט מער הנאה האָבן — שלומערן מיר זיך אַריין אין דעם עפּאָס פון העלדנטום.

דאָרנקרענץ נאָך דאָרנקרענץ, צעריסענע גלידער נאָך צעריסענע גלידער, קאַלט־געלאָשענע אויגן נאָך קאַלט־געלאָשענע אויגן, — דאָס אַלצדינג זאַמלען מיר אין דעם יסורים־שפּייכלער פון אונזער געשיכטע און מיר זענען באַרויקט.

הוהו. ווי העלדיש מיר קאָנען אויסשטעלן אונזער ברוסט צו אַ טויט־רעגן פון הייסן בליי. ווי העראָיש מיר קאָנען זיך אָפּווישן פונם טאָוול פון דער וועלט, אויף וועלכן מיר זענען אויפגעשריבן געוואָרן מיט פייערדיקע אותיות.

וואָס ווילט איר? מיר זאָלן זיך אַריינבייסן מיט די משוגע־פאַרשוימטע ציין אין יעדן האַלז, וואָס רופט פאַרניכטונג צו אונזער פאָלק? אויפהייבן די האַנט — לכל הפחות אַ ר ו נ־ ט ע ר צ ו ב ו י ג ן די האַנט, וואָס הייבט זיך קעגן אונז מיט אַ האַק?

ניין. דאָס טוען מיר נישט, מיר זענען צו ש ט אָ ל ץ, צו איינגעוויגט אינם געדאַנק, אַז אונזער גורל איז צו זיין דער וועלטס געקרייציקטער.

אדוני! אדוני!

ווען פון אַלע ווינקלען פון דרערד שרייט אונזער בלוט אַרויס, צינדט דאָס אונז נישט אָן צו געפינען עפעס אַן אָנ־ האַלטס־פּונקט אינם האַרץ פון דעם ריזיקן וועלט־משוגעת, נאָר עס רעגט אונז אָן צו דער לאַנגווייליקער „מיסיע" פון היילן דעם משוגעת מיט אָט דעם זאַפט פון אונזער ביינער.

הוהו, ווי וואַרעמלעך־געשמאַק עס שלאָפט זיך אונטער דער געפּיל־קאָלדרע פון אַלערליי שטיקלעך משיחיזמען. פונם געדאַנק, אַז מיר זענען די ג ע ר ע כ ט ע. פון איבערקייען אַלטע חלומות, אַז מיר וועלן אונזערע פידלען צוריק אַראָפּנעמען פון די ווערבע־ביימער ביי די בבל־טייכן.

טויזנט מאָל פאַרשרויפט אין אונזער אייגענער אָפּגעלאָזנ־ קייט. אין דער גסיסה־לעבלעכקייט, דערלייכטערונג, פיבער־ זעונג — ליגן מיר אויף די האַרטע, שטעכיקע קרענץ פון אונזער מאַרטירעריי און מיר שמייכלען דעם לעבן אַנטקעגן און מיר ווייזן שטאָלץ אויפן בלוט, וואָס רינט פון אונזער האַרץ, ווי אַ ק ו ו אַ ל נ ד י ק ע ר מ ע ד אַ ל.

און שמייכלענדיק־אָפּגעלאָזענע ווידוי־אָפּגעזאָגטע, גייען מיר מיט געבויגענע קעפּ און שטופּן דעם לאַסטוואָגן (אפשר

מ י ס ט-וואָגן) פון פרייהייט, וואָס פאָרט איבער אונזערע קברים אַריבער.

דערלייזונג ברענגען מיר דער וועלט — אין דעם דעליקאַטן קרוג פון אונזער נאַציאָנאַלן לעבן. מיר צעברעכן זיך, כּדי דער שמעקנדיקער אייל זאָל די הענט זאַלבן פון די, וואָס האָבן די שטעכיקע קרוין אויף אונזער קאָפּ אַרויפגעצווונגען.

מיר גייען כּלומרשט מוטיק אַ ר וי ס פונם לעבן, פון וועלכן מען וואַרפט אונז אַרויס און מען שפּייט אונז נ אָ ך.

מיר זענען פאַרשיכּורט פון מידקייט, פון איבערערלעבקייט.

די גרינע קרענץ — ווי וויל זיי זענען פון דערנער — זענען פאָרט אַ באַצירונג, אַן אויסצייכענונג — עס קיצלט די רוהם-נערוון. עס שטעלט אַוועק אין דער לאַגע פונם העלד, וואָס שפּיגלט זיך כּסדר אין דעם פאַרהויכטן שפּיגל פון פאָלקס-לעגענדע.

דער וואַלד ברענט. דאָס הויז ברענט, דער טייך איז מיט נאַפט אָנגעפולט. וועט באַלד אויפפלאַצן אין אַ שׂרפה-וויכער, אָבער מיר ציילן די „שוואַרצע פאַטשערקעס" און אונזערע „מיסיע" און מיר האָבן דעם באַהאַלטענעם עפּילעפּטישן נחת פון איינעם, וואָס ווייסט, אַז עס וועט אים שוין נישט בעסער ווערן.

אין ווי יעדער פּיל-געפּלאָגטער קראַנקער, האָבן מיר בלויז אַ שטילע טרייסט אינם געדאַנק, אַז אַלע וועלן נ אָ כ ש ט אַ ר ב ן און אַז דאָס לעבן האָט שוין סיי-ווי-סיי זיין טעם פאַרלוירן.

הוהו, ווי וואַרעמלעך מיר שלאָפן אויף אונזערע דאָרנקרענץ! ווי זיס-מאַרטירעריש מיר שמייכלען פון די צלמים צראָפּ — מיר ערוואַרטן כּמעט, אַז מען זאָל אונז פּאַטשן בראַוואָ.

די ווונדן אויף די הענט-און-פיס האָבן מיר — אין אונזער לאַנגער דראַמאַטישקייט — פאַרגעסן. געדענקען נאָר, אַז די געשיכטע וועט עס פאַרשרייבן, אפשר אין מאָנומענטן אויס-האַקן און — וואָס קאָנען מיר מער פאַרלאַנגען?

די קוליע אונטערן אָרעם, דאָס שוואַרצע טיכל אויף אַן אויג, דעם פאַרוויגנטלעכען דאָרן-קראַנץ אויפן קאָפּ, שלעפּן מיר דאָס מאַלפּעלע „צער" אויף דעם זיידענעם גאַרטל-שטריקל פון אונזער טראַדיציע, און מיר שפּילן-אויס אויף דער לירע:

„אַ בלינד בעטלערל בין איך, אָי ווייִ!"
און מיר וואַרטן אַפילו נישט אויף דער נדבה, וואָס עמעצער קאָן אונז צוּוואַרפן. מיר וואַרטן אַפילו נישט צו פּאַרקויפן אונזער טרער אויפן מאַרק און קריגן דערפאַר אַ שטיקל ברויט אָדער אַ גראָשן, דער עיקר איז ביי אונז: דאָס שלעפּן־זיך איבערן וועלט־ירידל און אויסשטעלן די ווונדן פאַר די פרייהייט־סוחרים, וואָס האָבן ליב צו באַקרעכצן אונזער אומגליק, כדי אַפּעטיטלעכער הנאה צו האָבן פון זייער טיפן רחמנות.

הוהו, ווי פיין מיר האָבן זיך אַריינגעשפּילט אין דער ראָלע פון מערטירער! אַפילו ווען די בינע איז ליידיק און פינסטער, וואַלגערן מיר זיך נאָך אַלץ אויף דרערד, רייסן אויף זיך די קליידער און מיר רופן „שמע ישראל" — פאַר די ליידיקע ווענט.

ששש. רויק, רויק, ברידער. האָט נישט קיין מורא! איך וועל נישט אָפּירשלעפּן די דאָרנקרענץ פון אייער צוקאָפּנס און זאָגן: גייט אַרויס מיט די פויסטן קעגן אייער גורל דעם שענדלעכן! דערוואַכט מיט משוגענע געשרייען און צעשטערט די גולמדיקע רו פון די, וואָס ווילן אייך אם ירצה השם מאָרגן אין־דער־פרי צעפּערטלען די קעפּ מיט אַ האַק! איך וועל אַפילו נישט זאָגן: נעמט זיך אָן האַנט־ביי־האַנט אין אַן אייזערנעם רינג פון פלייש־און־קנאָכן און הענגט זיך אָן אויפן האַלז פון דער וועלט ביז איר וועט זי דערשטיקן — די עקלהאַפטע קורטיזאַנקע, וואָס דרייט זיך אַרום דער זון!

ניין. איך וועל אייך נישט וועקן, איר, וואָס דערוואַכט בלויז אויף איבערצוציילן אייערע ווונדן! איך ווייס: אומרויק שלאָפט דער קאָפּ, וואָס טראָגט אַן אמתע קרוין, אָבער דער, וואָס טראָגט אַ קרוין פון אַלטע שטויביקע שמות, דער שלאָפט רויק און באַקוועם — אין זיין וואַרעמער גסיסה.

# אין אַ שניי־שטורם

די ווינטן שטעלן זיך אויפֿן קאָפּ און ווערן משוגע. די לופֿט איז געפּלעקט מיט ווירבלדיקער ווייסקייט. אויף איין זייט פֿון די דרויסנדיקע הויז־טרעפּ האָט זיך דער שניי אויסגעליינט אין זיגזאַגישע שפּיצן. די אַנדערע זייט איז איינגעשפּאַרט נאַקעט און שאַרפֿגליטשיק. די ערד איז פֿאַרווייסט און שטיל, אָבער באַוועגלעך, ווי עפּעס אַ טויטער ים. ווען אַ שטורם באַפֿאַלט פֿון דרויסן, נעמט אים אָן ביים קאַרק און טרייסלט אים מיט שרעקלעכער רציחה. ווו־הו־הו. דאָ און דאָרט קליינע ערד־אינזלען אויף דעם אן־א־סוף־יקן שניי אָקעאַן. פֿון אומעטום קוקן פֿאַרבעלמעטע פֿענסטערשויבן. בלינדלעכע אויגן, דורך וועלכע עס קוקן אַרויס פֿאַרלוירענע נשמות, רעזיגנירט צו זייער טרויעריק מזל. עס זינגט זיין פּחד־ליד דער שניי־אָקעאַן. אָפּגעפּרעסטע. בלישטשיקע פֿלאַכן ווערן צעלעכערט פֿון עקשנותדיקע שטיוול, איבער וועלכע עס זיצט, ווי אויף אַ שיף־טורעם, אַ קאָפּ מיט אַן אָנגערוקט היטל און קערעוועט זיי אַהין און אַהער — איבער דער געפֿאַר אַריבער. טעלעגראַף־סלופּעס זעען ווי ווייסע מוזיק־נאָטן אויפֿן גראָען פּאַפּיר־הינטערגרונד. אַ דין בוימל, ווי לויטער אָדערן פֿון אַ שלאַנקער טענצערין, וואָס ס׳פֿלייש און די קנאָכן זענען פֿון איר אַרונטערגעפֿאַלן, נאָר די פֿיינע נערוון זענען געבליבן הענגען אין דער הוילער לופֿט; עס ציטערט און וואַרפֿט זיך, ווי אַ נשמה, וואָס וויל איר קערפּער געפֿינען. אַ רויטלעכער קוימען וויל

אַרויסאָטעמען אַ וואַרעמען פּאַס האָפענונג, ווי אַ צייכן פון זיכערקייט, פון גלויבן. דער ווינט וואַרפט זיך דאַרויף מיט די ציין, צעבייסט עס, שפייט עס אויס אין דער לופט אַריין און גייט — מיט פאַרהויבענע ווייסע פּאָלעס — אַן אויסטערלישן טאַנץ איבער די דעכער.

ווּוהו. מיין שטוב איז אַ שיף אויפן ים. איך קוק אַרויס אין דרויסן אויפן שניי-אָקעאַן, הויכע, פאַרגליווערטע וועלן. דער שטויב-שוים שפריצט אויף אַלע זייטן און זאָגט אָן, אַז דער לעצטער אָנהאַלט איז פאַרלוירן. אַ שוואַרצע ים-חיה האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ. וויל אויף דער פלאַך אַרויף. זי איז ענלעך צו אַ פ ע ר ד. הינטער איר — עפּעס ווי אַ צעבראָכענע לאַסט-שיף. פאָרנט ביים רודער עפּעס אַ קאַפּיטאַן מיט צוויי רימענס אין די הענט. ער שרייט, רופט, גיט קאָמאַנדעס — ער וויל זיך אפנים ראַטעווען פון דער חיה. וויל אַרויסקערעווען די שיף, זיך אָפּרוקן הינטערוויילעכס. אָבער ער קאָן נישט. ווּוהו. די געפאַר איז גרויס, לאָז גאָט רחמנות האָבן!...

* * *

דער ווינט האָט זיך געלייגט אָפּרוען — אויף זיין גלאַטן בויך. ער וועט זיך באַלד אויפהייבן. מ׳הערט זיין איינגעהאַל-טענעם מורמלען. אַ שטילער קרעכץ, ווי פון א תליון, וואָס וויינט אויף זיין מזל. ער האָט זיך אויסגעשריגן, אויסגעצאָרנט, אויסגעלאַכט, איצט וויל ער שלאָפן. אָבער ער טאָר נישט. אַזוי פיל שיפן נאָך דאָ צו זינקען! אַזוי פיל לעבעדיקע באַשעפע-נישן אַראָפּצושטופּן פונם ברעג אָפּגרונד. זיין מייסטער איז שטרענג. זיין מייסטער איז פּינקטלעך. זיין מייסטער האָלט אַן אומענדלעכן פאָדעם צוגעבונדן צו זיין פוס, צו וויסן ווי ווייט יענער גייט.

די הימלען זענען געוואָרן שטאַטנדיקער, עלטער. דער געלער גלי פון אַ נישט-געזעענער זון האָט זיך אויסגעלאָשן, איז קאַלט-געוואָרן. איצט לויפט די שרעק אַליין. דער ווייסער פחד, וואָס ברענט אַרויס פון דעם האַלב-געעפנטן אויג פון

שלאָפעדיקן וואָלף. עס ווערט שטילער, נאַכטלעכער. מען ווערט זינקען, אונטערגיין. אַלע ווייסן עס, אָבער קיינער האָט נישט קיין קול, מיט וועלכן צו זאָגן. די געפאַר האָט די שטים איבערגעשראָקן, זי בלאַס געמאַכט, ווי די לופט. אפילו דער געדאַנק, מיט וועלכן צו טראַכטן. די קאַטאַסטראָפע איז צום טויט פאַרבליפט, פאַרחידושט, ער קאָן צו זיך נישט קומען פון דער בלישטשענדיקער שיינקייט פון דער טראַגעדיע. אַלצדינג איז ווייט, פרעמד, ווי מען וואָלט צוריקגעטראָטן פון זיך אַליין אויף עטלעכע שריט, און זיך אויסגעבעט אַ ווייך געלעגער אין דעם סאַמען גלאַנץ פון דעם האַלבגעעפנטן אויג פון דעם שלאָפנדיקן וואָלף.

פון אויבן הויערט אַ גרוי-פאַרפלעקטער פליגל, וואָס טראָגט אויף זיך אַן אַלט-געוואָרענע נאַכט, אָן גלוסטונגען, פון אונטן שטייגט אַנטקעגן דער פאַרגליווערטער טאָג, פאַרפרוירן, פאַרפינקלט, פאַרהאַרטעוועט, ווי אַ זאַך, וואָס זאָל דויערן אייביק און בלייבן צום אָנדענק. די ווייסקייט איז אַבסאָלוט-ליכטיק, ווי די ברוסט פון אַ יונגפרוי, עס איז פרידן-ווייסקייט, רו-ווייסקייט, אַ ליבע, וואָס איז געוואָרן אַ גלוסטונג צום נישט-טוענדיקן שלאָף. אַ ליכטיק פאַרגעסן-זיך פון עפּעס וואָס מ'האָט קיינמאָל נישט געוווּסט אויף קלאָר.

דער ווינט קרעכצט, שטאַרבט. זיין יונגער זון שטייט איבער אים מיט אַן אָנגעבויגענעם אויער און הערט זיך איין אין די לעצטע באַפעלן. אַ לעצטער טויט-כליפּ האָט זיך דערהערט, דער יונגער זון האָט עס אויפגעכאַפּט אויף זיינע ליפּן און דערפון געמאַכט דעם ערשטן שטילן ל ע ב ן-זיפץ. די טונקלניש האָט אַרויפגעוואָרפן אַ שוואַרצע דעק אויף דער לבנה-זייט פון מיין שטוב — אין די שפּורן פונם טויטן ווינט. עס האָט זיך אַרויסבאַוויזן פון אויבן אַ צעבראָכענער רינג — אַ סימן אַז די געשווירענע ליבע צווישן הימל און ערד איז צוריק אָפּגעשווירן, צו נישט-געמאַכט.

איבערן שניי-אָקעאַן איז רו. די געפאַר איז נישט פאַראיבער, נאָר זי האָט זיך באַהאַלטן טיפער. אויפן אָפּגרונט, וו

זי ליגט שטענדיק. איך גיי ארויס אויפן גאניק-דעק פון מיין שטוב-שיף און איך זע: א ווייסע, שפינוועבעדיקע, ליכטיקע רו, ווי דער שטאף, פון וועלכן עס ווערן חלומות — צעשטערט. ווי דער אפ-שאטן פון אויסגעטראכטע טורעמס פון עלפאנט-ביין. ווי די גישט-אויסגעשפילטע מוזיק פון א טויט-זילבערנער פלייט. אויף א לייטער פון לבנה-פעדים הייבן זיך ארויף מיינע ווייסע טראכטונגען, קלעטערן ווייט און אן כח — ווי א פארשפורטע שפין. עס איז וווּנדערלעך-פרעמד און גרינג. איך טראכט: גאט האט די הארטע, אנקלאגנדיקע טריט פון די מענטשן נישט געקאנט הערן, האט ער זיין ערד ווייך געמאכט. און איצט — נאכדעם ווי ער האט זיך אזויפיל שעה'ן זייער גאנג נישט געהערט, האט ער ארויפגעגידערט א באומרויקטער און א דערשראקענער און האט מיט זיך מיטגענומען די ווייס-פינקלדיקע, בלויליכע נאכטהימלען און זיי אויסגעשפרייט איבער דער ערד...

— — — — — — — — — — — — — —

ס'איז אינדערפרי. עס ווירבלט און שטורעמט. עס טאנצן די ווינטן זייער שגעון-טאנץ. קלאפן אין מיינע טירן. רופן מיך מיט. מיין פענסטער איז האלב פארבעלמעט. עס קוקט מיר צודרינגלעך מיין זע-כח ארויס פון אלע גלידער, גיט עס שנעל א צעפלאטער אין ווייסע סטענגעס איבער דעם אומרויקן דרויסן, וואס וויל זיך נישט איינשטילן. אונטער די ווארעמע דעקעס, מיטן דופט פון פריש-געברענטער קאווע אין מיינע נאזלעכער, גיב איך מיך איבער צום שטורעם, צום ווייכן, ווייסן, ליכטיקן וועלט-אונטערגאנג. איך מאך צו אנדערהאלבן אויגן, און מיטן לעצטן האלבן אויג קוק איך פויל — פון אונטער דער וואלגענער ווארעמקייט — אין דער פארלוירנקייט פון א וועלט, וואס לאזט זיך אויף אין ווייסן שטויב.

# אַ בריוול צום רעדאַקטאָר

אדוני רעדאַקטאָר: די פראַגע איז, פון וואַנעט הויבט זיך אָן דער מענטש? אויב ער הויבט זיך אָן פונם קאָפּ, טאָ פאַרוואָס לאָזט עס זיך אויס אַזוי קאָפּ־לאָז, אַזוי פיסיש? און אויב ער הויבט זיך אָן פון די פיס, פאַרוואָס לאָזט ער זיך אויס אַזוי געליימט, ווי אַ פאַרגליווערט אייזל צווישן צוויי בינטלעך פראָגרעס, צווישן דער ציוויליזאַציע פון אָריענט און אָקצידענט? פאַרוואָס שטייט — אין בעסטן פאַל — זיין האַרץ אויף איין אָרט, בעת די פיס לויפן אַהין, ווו דער קאָפּ אַנטלויפט פון זיי?...

אדוני רעדאַקטאָר. עס איז נאָך דעם גרויסן שטורם אויפן ים, וואָס איך האָב בייגעוווינט — אויף דער ערשטער זייט פון די טעגלעכע צייטונגען, און איך פיל זיך אַ ביסל — פריילעכער, ווי נעכטן, פ אַ ר ן שטורם!.. ניין, פאַני רעדאַקטאָר. דעם שטורם איז גאָר נישט אַזוי געפערלעך, ווי מען מיינט, עס ווענדט זיך נאָר, ווי מען קוקט דערויף. אויב איר זענט, למשל, אין שטורם און איר קוקט אַרויס, איז אוודאי נישט גוט. אויב אָבער איר שטייט פון יענער זייט שטורם און איר קוקט אַריין, איז דאָס, אדרבא, זייער אַן אַנגענעם געפיל!.. און גלויב מיר, אַז איך ווייס נישט פון קיין געשמאַקערן לעזע־שטאָף, ווי די באַשרייבונג פון אונטערגעגאַנגענע שיפן, פון וואָלקנבריכן, פון שניי־פאַרשאָטענע הייזער אין ווילדן וואַלד...

אדוני רעדאַקטאָר. אַזוי גיך, ווי איך בין געוווירן געוואָרן,

אַז דאָ אויף אונזער קוני-לעמלדיקן אינזל זענען אַ סך הייזער פאַרטראַגן געוואָרן אין ים אַריין, און אַזוי גיך, ווי איך האָב מיך נאָר איבערצייגט, אַז די געפאַר קאָן נישט דערגרייכן מיין שטוב, האָב איך מיך גלייך אָנגעטון די גומענע שטיוול און בין אַוועק צום ים — ראַטעווען. און נאָכדעם, ווי איך האָב געראַטעוועט (פאַר מיין אייגענעם געברויך!) אַ גוטן באָד-אַנצוג, אַ זיל-בערן בראָנזעלעטל און אַ טייסטערל פול מיט זעלנערישע קנעפּ, בין איך מיר אַוועק אַהיים און, טרינקנדיק די הייסע שאָקאָלאַדע, האָב איך מיך גענומען ווייטער לייענען וועגן די אונטערגעגאַנגענע שיפן אויפן ים...

ליבער רעדאַקטאָר: אַך, ווען מען זאָל קאָנען זען אַלצדינג אינעם ליכט פונם אמת — ווי פינסטער וואָלט אַלצדינג געווען! שטעלט זיך פאָר, למשל, פאַני רעדאַקטאָר, אַז איך און איר און נאָך אַ מנין אייגענע מענטשן האָבן זיך אַזאַ מין קלוב, וואָס הייסט „רעגירונג", און מיר אַלע האָבן ליב דעם טרונק בראָנפן אהבת נפש. רופן מיר צונויף אַ פאַרזאַמלונג און איך שטעל מיך אויף און זאָג: „ווערטע ברידער און שוועסטערן! אַזוי ווי איר ווייסט, האָבן מיר אַלע אָן אויסנאַם ליב דעם טרונק בראַנפן. דעריבער ערקלער איך, אַז פון היינט אָן און ווייטער וועלן מיר זיך איינס ס'אַנדערע נישט ערלויבן צו טרינקען קיין בראָנפן... ווער ס'איז דאַגעגן, זאָל אויפהויבן די האַנט און זאָגן, אַז ער איז ד אַ פ י ר. דאַמיט פאַסירט."

אדוני רעדאַקטאָר. דאָס גליק (אָדער ס'אומגליק) פון די מענטשן איז, וואָס זיי רופן נישט אָן די נעמען מיט די ריכטיקע זאַכן. דעריבער האָבן מיר אַזאַ ריזיקע וועלט-ליטעראַטור. שטעלט זיך פאָר, טייערער הערר רעדאַקטאָר, ווען אנשטאָט דעם וואָרט „ליבע" זאָל אין דער ליטעראטור גענוצט ווערן אַן איינפאַך וואָרט, אַ מער אמתדיקס! מיינט איר, אַז מיר אַלע: דיכטער, ראָמאַניסטן און סקיצן-שרייבער וואָלטן נישט געמוזט זיך נעמען צו עפּעס אַ זיכערע מלאכה? און שטעלט זיך פאָר אַזאַ זאַך, פאַני רעדאַקטאָר: שטעלט זיך פאָר, אַז איר האָט אַ יונגן געראָטענעם זון פון 18 יאָר. קום איך צו אייך צוגיין און זאָג:

הערט, מיין פריינט רעדאַקטאָר, אויב איר וועט מיר לייען ביי אַ 2000 מאַרק אַ יאָר, וועל איך אייך דערהרגנען דעם זון! וואָלט איר מיך, נאַטירלעך, געהאַלטן פאַר אַ משוגענעם, איאָ? פונדעסטוועגן, אַז ווילהעלם איז געקומען צוגיין און געסטראַשעט די דייטשן, אַז אויב זיי וועלן נישט אויסקויפן די קריגס-הלוואה, וועט ער חלילה זיין געצווונגען אויפצוהערן צו הרגענען זייערע זין, האָבן זיך אַלע דייטשן צעכליפעט, אַריינגעלייגט די הענט אין די קעשענעס און געצאָלט.

פאַני רעדאַקטאָר. דאָרט, ווו דאָס נאַריש-אויפגעבלאָזענע וואָרט רעגירט די וועלט, איז אידיאָטיש צו זיין אַ בעל-שכל! איך דאַרף אייך נישט דערציילן, פאַני רעדאַקטאָר, אַז איך פאַרזעלעך גלויב נישט, אַז דער סאָציאַליסט סאַלאַמאַן האָט געקאָנט זיין אַזוי אידיאָטיש און וווּלגאַר, צו שפייען אויף אונזער פאָן — די פאָן, וואָס איז אונז אַזוי ליב אַלס דער סימבאָל פון אמתער פרייהייט! אָבער שטעלט זיך פאָר, וואָס עס וואָלט פּאַסירט, ווען די גאָטהייט זאָל זיין אַזוי „פּריטיקלע", ווי מיר, מענטשן? — איך פרעג אייך: וואָס איז הייליקער, וויכטיקער, גראַנדיעזער: די גרויסע וווּנדערלעכע ערד מיט אירע טייכן און פעלדער, מיט אירע קרעלן און פערל, מיט איר ברויט און בלוט, מיט דער הייליקייט פון אונזערע טויטע, וואָס ליגן אין איר, — אָדער די פאָן, וואָס איז געשפּונען פון אַ שטאָף, וואָס איז געבוירן פון דערזעלבער ערד? פונדעסטוועגן שפייען מיר טאָג-טעגלעך אויף דער ערד — אויף דער גרויסער בלוטיק-הייליקער ערד, אויף אונזער קינפּטיקן בית-עולם, און די גאָטהייט וואַרפט אונז דערפאַר נישט אַראָפּ פונם ערד-קוגל, רופט אונז נישט אָן מיט מיאוסע נעמען, סטראַשעט נישט, אַז זי וועט אַרעסטירן די גאַנצע מענטשהייט אויף 65 יאָר און זי „דערשיסן, ווי אַ הונט".

אדוני רעדאַקטאָר. איכל שוין באַלד ענדיקן, ווייל איך בין שלעפעריק און איך וויל גיין שלאָפן. נאָר איידער איך ענדיק, וויל איך אייך דערציילן, אַז אַנומעלטן איז צו מיר אַריינגעקומען מיין „לענדלאָרד" מאָנען דירה-געלט, האָב איך אים אָנגעקוקט

אַט-אַזוי-אָ אפשר אנדערהאַלבן מינוט און געזאָגט: „מיין ליבער ייד, איך קאָן אייך נישט געבן קיין דירה-געלט, דערפאַר ווייל איר גלויבט אין גוואַלד״! „איך?״ מאַכט ער. „יאָ״, זאָג איך, „איר! ס׳איז אַ מערכה — זאָג איך — וואָס, אַז איר קומט צו מיר אין שטוב אַריין, נעם איך אייך נישט אָן ביים קאָלנער און וואַרף אייך נישט אַראָפּ פון אַלע טרעפּ, אָבער ווען איך זאָל דאָס יאָ טון, וואָלט איר מסתם געגוצט גוואַלד... דעריבער — זאָג איך — זענט איר אַ באָלשעוויק, אַן איי-דאָבעליו-דאָבעליו, און רעדט׳ס — זאָג איך — נאָך אַ וואָרט, — זאָג איך, — וועל איך אייך געבן פּעטש, ווי די ברעטער...״

אַז ער איז אַוועק אַ דערשראָקענער, האָב איך זיך גוט אויסגעלאַכט און געזאָגט צו מיין ליבער שוועגערין, אַז דער סאָציאַליסט וויל נישט קיין גוואַלד... ער וויל, מען זאָל אים אָפּגעבן זיינס. אַ טאָמער וועט מען אים נישט ווע̇לן געבן, און מען וועט אים צווינגען ער זאָל פאַרקאַטשען די אַרבל און זיך שלאָגן — נו, זאָג איך, אַז ערשטנס: פאַרוואָס זאָל מען אים נישט געבן? און צווייטנס, זאָג איך, וועט זיך דער קאַפּיטאַליסט, זאָג איך, מסתם אויך שלאָגן, ווען ער וועט זיין געצוווּנגען דערצו... און אויב, זאָג איך, עס איז אַ יושר, זאָג איך, צו שלאָגן אַ מענטשן דערפאַר, וואָס טאָמער וועט ער אַמאָל זיין געצווּנגען זיך צו שלאָגן, דאַרף מען, זאָג איך, פּאַטשן אי דעם קאַפּיטאַליסט, אי דעם אַרבעטער. ווייל ביידע, זאָג איך, וועלן צוריקפּאַטשן, אויב מען וועט זיי פּאַטשן...

און דאַמיט, פּאַני רעדאַקטאָר, ערקלער איך מיין היינטיק בריוול פאַר געשלאָסן — פאַר די ליבע לעזער, וועלכע האָבן זיך, ווי איר ווייסט, געמאַכט אַ טבע צו באַשרייבן די שרייבער אין אַלע צייטונגען, און צו פאָדערן ביים רעדאַקטאָר, אַז טאָמער באַשרייבט זיי דער שרייבער צוריק, זאָל מען אים פאַרגיפטן ס׳ווייב, דערשטיקן דאָס מוזיניקל און אים אַליין — זאָל מען אָפּשטאַטעווען, ווען ער וועט באַוווּנדערן די נאַטור דורכן פענסטער פונם עלפטן שטאָק — און אים אַרויסשטופּן.

# ג ר ו ס ן

גרוסן.

די שרייב־פֿעדער — די זעלביקע. ס׳פּאַפּיר — ס׳זעלביקע, נאָר איך מיטליאָריקער, שוואַרץ־גרויער, זיס־ביטערער.

דאָס בליץ־פֿייער האָט געברענט ־אינם קליינעם לאַמטערנדל, דעם וועג באַלויכטן, די פֿינסטערניש ווי נאָפֿט געצונדן, אָבער מיטן לעצטן שפּענדל איז, גלויבט מיר, אויך דאָס לעצטע ביסל פֿייער פֿאַרברענט.

און ווי שיין און ווי פּאַטעטיש און געאײדלט איז די פֿאַרב פֿון פֿאַרלאָשנקייט, פֿון אַש — מיין פֿאַרב.

איז שוישפּילער — שוישפּילט ער דאָך כּסדר, נאַרט ער דאָך אָפּ, אילוזיאָנירט ער, רעדט־איין, און דאָרטן, וווּ דער קינסטלער אין יעדן אַנדערן פֿאַך, מיט זיך צו זיין *ער אַליין*, מיט זיך דער שוישפּילער צו זיין *עמעצער* אַנדערש.

קלאָר — מיינע דאַמען?

דעריבער איז ביים שוישפּילער אייביק שווער צו וויסן, צי *איז* ער טאַקע אויף אַן אמת אַ... ליגנער, אָדער — נאַרט ער בלויז אָפּ, אַז ער איז אַ ליגנער?

דעריבער, אַז איך זע אַ שוישפּילער גרויס שפּילן, טראַכט איך שטענדיק: ווער ווייסט, צי איז ער באמת אַ גרויסער *פֿאַרשטעלטער*, אָדער פֿאַרשטעלט ער זיך בלויז היינט פֿאַר אַ גרויסן פֿאַרשטעלטן?

וואָרום (מיט די געוויסע שוין-לאַנג-פון מיר-נישט-געהערטע וואָרט-שפּילן, וואָס איך האָב אַזוי פֿיינט!) די ראָלע שפּילט דאָך קיינמאָל קיין ראָלע נישט אויף דער בינע, נאָר דער מענטש הינטער דער ראָלע — די אויסטייטשונג... און ווער טייטשט זי מיר אויס אַזוי, אַז איך זאָל זיין זיכער, אַז דעם ליגנס ליגן איז אמתער, ווי דער ליגן אַליין...

(אָ, חבר ש. ניגער — מיין קאָפּ!)

*

און אַז איך רעד שוין פון מיין פריינט ש. ניגער און פון קאָפּ-ווייטיק, לוינט זיך — פאַרוואָס נישט? — צו זאָגן, אַז עס זיינען פאַראַן צוויי-ערליי אמתע קריטיק.

די ערשטע סאָרט אמתע קריטיק איז: די ליגנערישע, די פּסעוודאָ-ערלעכע, כלומרשט-אָביעקטיווע, נישט-מענטשלעכע. אָט די נעמלעכע קריטיק קאָן איך פאַרזעגלען פיינט האָבן, ווי אַ שפּין. ווען זי אָבער פונדעסטוועגן זיך אָנטון ס'שיינע יצר-מולקעלע. אַרויפּרוקן די עטרה אויף די אַקסלען און דרשנען, אַז וויבאַלד מיין לידלעריי איז אַ גוט לידלעריי, איז — זאָל אויף איר קומען אַ גוט יאָר, אמן און אדרבא, און פאַרקערט, און זעט אַז איך — דער קריטיקער — בין אַ נאָבעלעוואַטער מענטש — וויוואַט!

דאָס איז די העכסט-ערלעכע, אומערלעכע, פאַלשלעכע, טיף-ליגנערישע קריטיק.

די אַנדערע קריטיק — (און פריינט פייערפויגלס, למשל) איז אַן אומערלעכע, נישט-עטישע, מענטשלעכע, ריינע, ערלעכע.

אָט-די קריטיק, איז ערלעך — צו זיך. (און וואָס קאָן זיין אַ גרעסערע ערלעכקייט?)

און ווי-באַלד אָט-דער קריטיקער (נומער 2) האָט אייך פיינט, מעגט איר אָנשרייבן די בעסטע לידערייען — זענען זיי (פאַר אים) פאַרט ליגן... און אַזוי ווי ער איז אַן ערלעכער

מענטש, וועט ער זיך אוועקזעצן און אָנשרייבן אַ גרויסע און ברייטע און טיפע שריפט און באַווייזן, אַז איר האָט נישט קיין פּונק טאַלאַנט, און אַז אייערע לידער זענען נישט ווערט, וואָס די ערד טראָגט זיי אַרום, און אַז בסך-הכל דאַרף מען אייך געבן פּעטש.

אָט דאָס זענען די צוויי וועגן פון דער ערלעכער קריטיק.

איך גיי כמעט אויף ביידע נישט...

*

אַזוי פּשוט, אַזוי וואָכעדיק.

ליגט אַ מענטש און — שטאַרבט.

ס'גרוי-בלאָנדע בערדל, פאַרהויבן קעגן דער ליכטיקלעכער און, ליגט אויף אַ באַנק אין פּאַרק און — שטאַרבט.

נישט קיין פאַרהאַנגען צעראָפּגעדרוקט, נישט קיין טריט איינגעשטילט, נישט די שטימען פון די אַרומיקע פאַרליגנערט מיט אַ ציטער: אָט-אַזוי-אָ קעגן הימל ליגט ער, און דער גרויסער סוד האָט קיין אויער נישט, וואָס זאָל אים אויסהערן, ס'גרויסע ווונדער האָט קיין אויג נישט, וואָס זאָל זיך פאַר זיין גרויסקייט דערשרעקן.

שטייען קינדער אַרום, שפּילן זיך מיט זייערע שיך-רעדלעך, רעדן פון גראַמאַטיק און פרעגן:

— דער מאַן שטאַרבט?

— אַזוי שטאַרבט מען דען?

— מיין זיידע איז אויך געשטאָרבן.

— נישט אין דרויסן! גיב מיר אָפּ מיין רעדל.

— ס'איז נישט דיין רעדל... ס'איז מיינס...

אַן אַרבעטער גייט פאַרביי, בלייבט שטיין, ווי מ'וואָלט אים אָפּגעשניטן דעם גאַנג מיט אַ מעסער. גיט זיך אַ צעפּרעג. עפּנט אומגעבעטן פונאַנדער ס'דעקל פון דעם מענטשנס אויג און זאָגט:

— ער שטאַרבט.

און גייט ווייטער.

קומט צו אַ פּאָליציסט. צעפּירט ער מיט די הענט, הייסט אַוועקגיין, לייגט-צו אַן אויער צום האַרץ פון דעם מענטש, וואָס ליגט קעגן דער זון, און פרעגט אים ווי ער הייסט.

מאַכט דער מענטש מיט די ליפּן, סלונעט, שפּייט, אַפּנים, צו גאָטס זון אַרויף — אַך, די געמיין זונעלע!

שלעפּט זיך דער פּאָליציסט אַוועק. אָנקלינגען אין אַ שפּיטאָל, קומט אונטער אַן אָפּגעריסענער, באַוואַקסענער, קראַנקער וואַגאַבונד, מעסט-אָפּ מיט די פאַרפּיבערטע אויגן דעם שטאַרבנדיקן, נעמט אַרויס אַ שוועבעלע פון וועסטל-קעשענע, רייבט-אָן אין אַ זויל פון יענעמס שוך, פאַררויכערט, גיט אַ שפּיי און גייט ווייטער.

אָט דאָס איז דער טויט אין דער גרויסער שטאָט?
אָט דאָס איז דער טויט אין דער גרויסער שטאָט.

*

אייערע קינדער ביים שבת-טיש מעגט איר דערציילן וועגן דער פּאָרכטיקייט פון גאָט, וועגן דער טיפקייט פון זיינע דרכים.

אַ שטייגער:

אַ קליין, זילבערן לייזל האָט זיך פאַרזינדיקט קעגן גאָט (אַרומגעקראָכן אויף אַ צלם, צי וואָס!) און פאַרדינט דעם טויט. וויל אָבער אַ לייזל אפילו נישט שטאַרבן, האָט ליב ס'לעבן, האַלט זיך אָן דעם מיט עקשנות, מיט פאַרביטערטקייט — נישט ערגער, ווי אַ מענטש.

ווערט ס'לייזל געוואָר, אַז די גאָטהייט „לויפט אויף אים מיט אַ מעסער" — אַזוי צו זאָגן. נעמט עס און פאַרקריכט זיך אין דער באָרד פון אַן אַלטן רב, אַ גרויסן צדיק, וואָס איז ריין פון יעדער זינד, און איצט גיי טו אים עפּעס!...

אַז די גאָטהייט האָט דאָס דערזען, איז זי געוואָרן שטאַרק אין כעס אויף דער קליינער באַשעפעניש, וואָס האָט אָפּגעטון

אַזאַ שפּיצל, און נאָך אַ לאַנגן טראַכטן האָט זי (די גאָטהייט) באַשלאָסן צו דערהרגענען דעם אַלטן רב, כּדי ס'לייזל זאָל אויסגיין פון הונגער.
דערציילט דאָס אייערע קינדער ביים שבת-טיש, און זאָלן זיי וויסן, אַז גאָט איז אַ גערעכטער און אַז פון זיין צאָרן קאָן זיך קיינער נישט אויסבאַהאַלטן.

*

קאַרא, זאָל איך זאָגן, קאַרא, אָדער — עמעצער אַנדערש? — שרייב מיר, אַז נאָר דער שטויב ווערט נישט גרויער און נאָר דאָס שפּינוועבס ווערט נישט שוואַכער, אָבער דאָס לעבן אַליין רינט דורך בראָנפן און טרערן.
אַזוי שרייבט זי טאַקע (קאַרא, צי עמעצער אַנדערש) אין אירע בלויע בריוולעך:

„דורך בראָנפן און טרערן
רינט דאָס לעבן —
דער בראָנפן איז האַרב
די טרערן זענען ביטער.
ביידע זענען זייער געשמאַק — עס איז דאָס לעבן!
(אַ גרוס דיר, מיין ליכטיקע,
פאַר דיינע קיל-ביטערע,
רויט-געשמאַקע פּראַזנפּ־וכט).

# ל י ב ע

## I

„דער זייגער האַלט צוויי“.

ביי מיין חבר שטייט אַ הויכער, געגלאַנצטער זייגערקאַסטן. די וואָגן פֿון זייגער זענען דריי, דאָס ציפֿער־בלאַט איז מעש, די ווייזערס זילבערן און די שעהן זענען שוואַרצגעקאַרבט.

אַלע פֿערטל שעה זיפֿט דער זייגער אַרויס — ס'ביסל צעמאַלענע צייט, זינגט זיך אָפּ אַ שטיל קדישל און — גייט ווייטער.

קוק איך אויף דעם זייגער און כ'גלויב אים.

נישט ווי מיין אייגן זייגערל, וואָס איז גאָלדגעפֿעלשט, קליין און ס'שפּייט נישט אויס די צעמאַלענע צייט, נאָר זי שלינגט זי אַראָפּ — שטילערהייט און ס'לאָזט די טויטע רגע־לעך ביי מיר, אפֿנים, אין קליינעם קעשענקעלע פֿון די הויזן.

אַז גאָט וועט מיר העלפֿן, אַז איכ'ל אויפֿגעריכט ווערן מיט אייגענע פֿיר ווענט, אַרום אַ שטיקל אָפּגעמאָסטענע לופֿט, וועל איך מיר אויפֿבויען פּונקט אַזאַ גרויסן זייגער, ווי ביי מיין חבר: דער זייגערקאַסטן וועט זיין די גרויס פֿון אַ מענטש, וועט האָבן צעפֿענטע טירן פֿון ביידע זייטן, און אויפֿן ציפֿער־בלאַט וועט זיין אויסגעקריצט:

„אַן אויסגעגראָבן קבֿרל, אַן אויפֿגעשטעלטס, מעסט זיך אָן, זייט אַזוי גוט“.

און אַלע מײַנע גרויסרעדנדיקע געסט װעלן אויסמײַדן מײַן אם־ירצה־השמיקע שטוב, מיט דער גוטער פֿאַרצעלײַ־שאַפֿע, און ס'װעט מיר זײַן זײער גוט, אין דער אײנצראַלײַני־קײט מיט װענט און מיט שאָטנס און מיט לאַמטערנדלעך און בלױע פֿידלען און מיט אַ זײגער, װאָס מאָלט מײַנע װײַסע בײנער אויף נישט־אָנזעענדיקן שטויב.

II

— טעג פֿון מײַנע טעג.

איך האָב גענומען מײַנע צעלאָזענע טעג אויף אַ פֿאַרהער. (דאָס בלאָנדע גאָרנישט־טון איז דערװײַל געזעסן אויף מײַן קני און מיר געלאַכט אין די אויגן אַרײַן).

— װוּ זענט איר געװען? װאָס האָט איר געטון?

מאָנטיק און דינסטיק האָבן זיך דערשראָקן און געענטפֿערט:

— כ'לעבן, מיר האָבן גאָרנישט געטון!

— „אַהאַ!", האָב איך פֿאַררוקט ס'היטל און זיך גענומען צו זײ. — „גאָרנישט! און דו, מיטװאָך? ביסט דאָך שוין עפּעס אַן עלטערער פֿון זײ — װאָס האָסט דו געטון?"

— „איך", — האָט געענטפֿערט מיטװאָך — „אַ העלפֿט געשלאָפֿן מיט דיר און מיט נאָך עמעצן. דערנאָך בין איך געװען פֿול מיט זינד און מיט טרױער".

— נו, און דו, דאָנערשטיק?

— זיך געשפּילט מיט אײַך, באַלעבאָס־לעבן, אויף אַ שימל. שיר געכאַפּט פֿיש. געפּאַשעט די אויגן אײַערע, באַלעבאָס לעבן, אויף גרינע אינזעלעך, געװיזן אײַך ליכטיק־צעפּעגסטערטע שטיבלעך בײַ די ים־בּחעגעס אינם טומאַן — איר געדענקט נישט?

— נישט אײַנגאַנצן. און דו פֿרײַטיק?

איך האָב אָנגעטון נאַקעטע קוגלען אין לײמענע העמד־לעך. זײ אָנגעװאָרעמט. און די שכינה האָט הנאה געהאַט.

פֿרע... אַזױ גאָר! נו, און דו, שבת?

שבת איז געקומען מיט קליינע טריט, אויסגעפּוצט אין מאַראַנצן-פאַרביקע צווייגלעך און שפּילנדיקע טייכן-טשעלאָס און שמעקעדיקע ליידיקייטן, און הימלען אָן אַ שיעור און אַ דריי-פיר אומענדלעכקייטן.

שבת האָט געשוויגן.

אָבער איך האָב מיך דערמאָנט אָן עפּעס אַזוינס, וואָס איך האָב קיינמאָל נישט געוווּסט און כ׳האָב קיינמאָל נישט פאַרגעסן און וואָס איך וועל אויך ווייטער קיינמאָל נישט וויסן און קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

דאָס בלאָנדע גאָרנישט-טון איז נאָך אַלץ געזעסן אויף מיין קני און מיר געצופּט די נאָכדערוויל-נישטדאיקע האָר פון מיין גרויער באָרד, וואָס וואַקסט שוין ערגעץ פאַר מיר אין דער גרויער לופט.

## III

קלאַפּ אַהער, קלאַפּ אַהין —

מענטשן זיצן אין גלייכע שורות און גלייכע דרויסנס, אין גלייכע וועלטן און קלאַפּן אַלע מיטאַמאָל דער צייט איבערן קאָפּ — מיט קליינע העמערלעך.

רופט מען די העמערלעך הערצער, און דאָס קלאַפּן זייערס רופט מען: לעבן.

לעבט ס׳לעבנוואָרג אין דער טויט-שאָלעכץ (צוויי האַלבע אויפגעעקנאַקטע, נישט-ענג-פאַרמאַכטע שאָלעכצן פון ביידע זייטן) און זאָגט צו זיך:

— איך! איך! איך!

און בינדט-זיך-צו מיט דעם-אָ וואָרט צו די אייגענע ליפּן, וואָס בינדן זיך צו אַלע שפּינוועבעניש.

נאָר, אַז די אויגן טוען זיך אָפּוועגדן פון דעם ליכט, וואָס פלייצט דורך ד ו ר ך זיי און מאַכט זיי דורכזיכטיק, נישט זעענדיק דעמאָלט פאַרנעמען זיי, ווי אונטער די אָנגעבויגענע פלייצעס פון

דעם מידן מענטשוואַרג, וואָס איז פאַרטון אין דער אַרבעט פון צעקלאַפּן די צייט מיט די העמערלעך, וואָס מ׳רופט „הערצער", זיצט די נישט־אָנגערירטע צייט און קלאַפּט זיי אַלע־מאָל איבערן קאָפּ מיטן גרויסן האַמער.

און ס׳קלאַפּן פון די קליינע העמערלעך אַרויף, און ס׳קלאַפּן פון דעם גרויסן האַמער אַראָפּ, ברענגען פונקן, וואָס באַלויכטן זיך, און ווייזן זיך, און זעען זיך.

(אויף דעם זאָגט ר׳ יוחינטשע בן זבלי: אויב ס׳איז דאָ אַ השגחה אויף דער וועלט, מעג אַ רוח אין איר טאַטן אַריין; און אויב ס׳איז נישט־דאָ קיין השגחה אויף דער וועלט, מעג אַ רוח אין איר ט אַ ט נ ס־טאַטן אַריין!)

IV

— „זאַק־זעק זעק־זאַק!"

ס׳איז אַזוי געווען:

דער מענטש איז אַוועק פון דער וועלט, זיך פאַרנזירט, געגעסן, וואָס גאָט האָט געגעבן און זיך אויסגעטון פון עלף, צוועלף, דרייצן.

פלעגט זיך אַרומגאַרטלען מיט דינע אומעטלעך, זיידענע לעססטערונגלעך און אַרויפגענעצן צו דער זון אַהער, צו דער זון אַהין, און שטיל געקייט אַ ריב, אַ רעטעך, אַ ביסל פרישע פרימאַרגנלופט.

צונויפגעטראָכט עפּעס פיצעלדיקס, זיכערס, שטיינערנס — אַזוינס, וואָס וויאַנעט נישט און דויערט לאַנג און איז אַריינגע־קראָכן אינדערמיטן.

פרויענליב איז דערגאַנגען צו אים — פיסנע, טרוקן, קיל — ווי פרישע ציבעלע־שווערדלעך. דערנאָך — פאַרטרונקען מיט קוואַלוואַסער — נאָז און לעפצן אינעווייניק אין קוואַל. זאָל דער אויבערשטער אָפּהיטן!

אַ נישט-הויזנדיקער, פֿאַרשטייט זיך, קליינבאַהעמדלט און אַרומגעבונדן מיט אַ זאַק.

אַ גראָבן, אַלטן זאַק.

„צו ווערדיקן דאָס לעבן אויף דער זינדיקער ערד, מ׳שטיין דרערדן געזאָגט".

אויפֿן זאַק, מיטלאָרט, האַלבוועג צווישן אַהער און אַהין, פֿאַלט דאָס גרין-תּהלימדיקע אויג און ס׳קוקט און קוקט.

ערשטער פּעריאָד!

צווייטער פּעריאָד:

געקוקט אויפֿן זאַק, האָט ער זיך פֿאַרטראַכט וועגן ס׳לעבן. מ׳שטיין דרערדן געזאָגט, געטראַכט: קליין, קלענער, קלענער, קליינטשיק, גאָר נישט.

און אַז ער האָט שוין געהאַלטן ביי גאָרנישט, איז ער אַוועק און אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך דעם זאַק, אים צונויפֿגעפֿלייגט צוקאָפּנס, און הינטער אַ פֿולן הימל מיט שטערן האָט ער טאַקע נאָכאַמאָל געטראַכט „זאַק-זעק-זעק-זאַק".

און אַזוי איז אים די ליכטיקע נאַכט געשטאָרבן הינטער די הענט.

אינדערפֿרי איז ער אַוועק און אָנגעהויבן האַנדלען מיט אַלטע זעק.

און איצט גייט עס אום — כ׳פֿויל מיך צו זאָגן, ווי אַזוי. אַ גרויסע גוטסקייט ליגט אויף זיינע פֿינף גוידערס, הוידעט זיך אויף זיין בויך, ווען ער לאַכט.

און ער רייט שוין אויף אַ פֿיין פֿערד דורכן וואַלד — מיט איר, מיט דער דיקער, ווי הייסטע.

אַמאָל קאָנט איר אים טרעפֿן ביים ברעג וואַלד, ווי ער האַלט ס׳אַנדערע פֿערד ביים ציימל, און זי איז נישטאָ.

אַ מענטש איז — אַ מענטש.

און די וועלטשמאַרצעריי האָט ליב אַ שידוך צו טון מיט עפּעס אַזוינס, מיט עפּעס אַזוינס.

ווי מיר האָבן שוין אַמאָל געזאָגט:

— אַ רוח אין זיין טאַטן אַריין!

## V

ווידער ליבע —

מ׳קאָן זינגען און מ׳קאָן נישט זינגען.

ס׳איז נישט געפּערלעך.

נאָר אויב זינגען, זאָל דאָס זיין אַ פריקרע-ביטערלעך געזאַנג, ווי טערנעסליוקעס אָנהויב ווינטער.

אָט אַזוי:

— מאַך אויף דיין האַרצטירל, שוועסטער, לאָז מיין ליבע דורכשפּאַצירן אויף איר וועג אַהיים.

ווייל ליב האָב איך זיך — דורך דיר.

און ווייל מיין ליבשאַפט צו מיר אַליין איז אַזוי גרויס, אַז מיין גוף און נשמה זענען נישט גענוג. דערפאַר קום איך צו דיר און זאָג:

„כ׳האָב דיך ליב".

כ׳האָב דיך ליב, שוועסטער, מיט דעם איבריקן ביסל ליבשאַפט צו זיך, וואָס דו מוזסט עס פאַר מיר באַהאַלטן, ביז די זיך אַליין-ליבשאַפט וועט זיך „זעצן" און ס׳וועט ווערן מער פּלאַץ.

דערווייל אָבער ביסטו מיר אַ גלאָז פאַר דעם וויין, וואָס איך וועל סוף-כל-סוף טרינקען.

און די שיינקייט פונם וויין, ווי מיר ווייסן, איז דאָך געווענדט אָן דער מאָס פונם טרינקערס דורשט.

עך, ווי שיין דו ביסט!

נאָן זאָגן זאָג איך דיר:

דו ביסט מיין נאָענטסטע, דערפאַר מיין ווייסטע.

דורך אַלע אַנדערע האָב איך מיך ווייט ליב — דויערט אַ שטיק מיט צייט איידער מיין ליבע קאָן זיך צוריק אומקערן אַהין, פון וואַנענט זי איז געקומען.

אָבער דורך דיר האָב איך זיך באַגעגנט ליב, — דורך דיר איז דער וועג ביז צו מיר אַזוי באַגעגנט, ווי די אויגנפּראַגנזן צום אויג.

און ווינשן ווינש איך מיר נאָר, אַז דאָס גלאָז, וואָס איז גרייט פאַר מיין וויין, זאָל שטענדיק זיין ריין און דין און הויך.

„צאַרט?" כ'ווייס? לאָז זיין „צארט" אויך. וואָס קאָן דאָס שאַטן?

# ביכער, מיידלעך און נאָך עפּעס

I

מען פאַרקויפט נישט קיין ביכער. געוואָרן אויס מאָדע אַרומצוגיין מיט ביכער אונטערן אָרעם.

ליגן ביכער און — וויינען. „קינדער קויפט אונז! קינדער עפנט אונז אויף“, — ווי פון עלנטע זונות אין די גאַסן איז דאָס געוויין פון די נישט-פאַרקויפטע ביכער. — „קומט. באַהעפט זיך מיט אונז! — זייער ביליק. אונזערע העמדלעך זענען פון זייד, אונזערע רוקנס — גלאַט, אין גאָלד געצירט, און מיר טראָגן סודות אין זיך“.

ווער גלויבט זיי?

קיינער גלויבט זיי נישט!

קיינער קוקט זיך נישט אום אויף ביכער און פרויען, וואָס בעטן זיך, וואָס גיבן זיך אַוועק כמעט אומזיסט. אויס סוד געוואָרן! אויס מאָדע געוואָרן!

גיט מען אויף זיי אַ קוק, — אַ טאַפּ דעם רוקן, דאָס זיידענע, אָדער לייוונטענע העמדל און — מ'צעגעגנעצט זיך.

נישטאָ קיין אינטערעס.

וואָס ביליקער, אָפענער, „צוגעגלעכער“ — די ביכער און די מיידלעך זענען, אַלץ ווייניקער אַפּעטיט האָט מען צו זיי. אַלץ שווערער קומט זיי אָן זיך צו פאַרקויפן.

קומט אויפֿן געדאַנק די צייט, די געוועזענע, שוין-צערונענע, די צייט פֿון פֿאַרשלאָסענע, נישט-אויפֿגעשניטענע ביכער און פֿרומע מיידלעך, די צייט פֿון נישט-אויפֿגעשניטענע בוךבלעטער און שוואַר-פֿאַרזיגלטע יונג-פֿרויען, וואָס זענען געלעגן אויף די פּאָליצעס און באַשיידן געוואַרט, מ׳זאָל זיי אָנרירן מיט אַ פֿינגער, אַ גלעט טון איבערן רוקן, אַ קוק טון, וועלכן יאָר זיי זענען...

אַך, ווי האָבן דעמאָלט געדרייצט די פֿרויען, און געמאַניעט די שוואַרצע „פּליישיקע” ביכער! ווי האָט מ׳זיך געוואָרפֿן אויף זיי (אויף די ביכער) מיט חשק, און ווי איז געווען איינגעטונקען אין האָניק די רגע, ווען מען האָט זיי צום ערשטן מאָל צעעפֿנט!

פֿאַרצווע ביכער היינט, און פֿאַרצווע פֿרויען.
און אַזוינע אָפֿענע, פֿרייע!

וואָלט אפֿשר געווען אַ פּלאַן אָנצוהענגען אויף די ביכער-טאָוולען שלעסלעך, (אַזוי ווי אויף די אַלטע ווייבערשע מתנה-סידורים) אַזוי, אַז מ׳זאָל נישט קאָנען פֿון זיי „געניסן”, — סיידן מ׳נעמט זיי אַהיים, אויף אַ געזעצלעכן אופֿן, און מ׳סילוקט אָפּ, וואָס סע קומט.

און אפֿשר — אָנטון זיי אין מער באַשיידענע אייבערשטע און אונטערשטע „קליידלעך”, נישט פֿאַרבן די „פּנימער”. נישט אָפּגילטן די מענטעלעך, נישט לאָזן וויסן פֿאַראויס זייער פּרייז, נישט אַרויסשטעלן אין פֿענסטער?!

II

ווי אַזוי מיינט איר, אַ שטייגער איידעלע רייד?

ווען איך ווער אויפֿגערעגט אויף אַ פּאַרשיוון סמאַרק, וואָס שטופּט זיין באַשיידנקייט פֿאָראויס אויף אַ קינדער-וועגעלע און באַרימט זיך דערמיט, ווי אַ קליין טאַטעלע באַרימט זיך מיט אַ צווילינג (וואָס איז אפֿשר גאָרנישט זיינער), זאָל איך — לויט אייערע געזעצן פֿון איידלקייט — רעציטירן: — מיין ליבער

הער־ר, ערלויבט מיר אייך צו זאָגן, אַז איר זענט אַ פּערדאַטש און האָט אייך אַ וויסט

אָדער זאָל איך מיר עקסטרע קויפן אַ דריטע הענטשקע, כּדי איך זאָל זי אים קאָנען אַ שלײדער טון אין פּנים אַרײַן און אים רופן צו אַן „ערנגעריכט". (כ'האָב מיך שטענדיק געוווּנדערט, וואָס מען טוט אין אַ פֿאַל, ווען מען „וואַרפט די הענטשקע" — סע קאָן דאָך נישט זײַן, אַז אַן אמתער דזשענטעלמאַן זאָל, נאָכדעם ווי ער האָט אַ באַליידיקטער אַ וואָרף געטון די הענטשקע, זיך אָנבויגן און זי צוריק אויפֿהויבן? און סע קאָן דאָך אויך נישט זײַן, אַז אַ „ערנמאַן" זאָל — גלייך ווי ער פֿאָדערט אַרויס אַ מענטשן אויף אַ דועל — אַרומגיין מיט בלויז איין הענטשקע? — קומט אויס סיידן, שטענדיק טראָגן מיט זיך אַ דריטע הענטשקע אויף צו וואַרפן, אין פֿאַל מ'רופט אייך „לומפּאַציוס" אָדער עפּעס ענלעכס). און אַז איינער נעמט מיר שיר אַרויס אַן אויג מיט זײַן פֿאַרדאַמטן רעגן־שירם, וואָס ער טראָגט אונטערן אָרעם, זאָל איך אַראָפּנעמען ס'היטל און זאָגן: — גנעדיקער הערר, איך האָב דאָס זיסע פֿאַרגעניגן איבערצולאָזן מײַן אויג אויפֿן שפּיץ פֿון אײַער געבענטשטן רעגן־שירם!

און אַז איך פֿאַל אַראָפּ פֿונם זעכצנטן שטאָק, זאָל איך — בעתן פֿאַלן — בעטן די מענטשן אונטן, זיי זאָלן אַזוי גוט זײַן און מעלדן דעם אייגנטימער פֿון דעם שטיקל ערד, אויף וועלכן איך דאַרף אַראָפּפֿאַלן, אַז הערר פֿוטערפֿלעצל וועט באַלד האָבן דעם כּבֿוד אָנצוקומען מיט אַ קנאַק, און אַז ער בעט אַנטשולדיקונג פֿאַר דעם טומל, וואָס ער'ט מוזן מאַכן בעת ער וועט אַרונטערקומען?

און אַז איך ליג אין פֿיבער, און די אויגן און די ליפּן ברענען, ווען יעדער טראָפּן בלוט איז שווער־פֿאַרשלאָפֿן, און ס'לײַב איז ווי איבערגעריסן אין אַ צעבראָכענעם שפּיגל — זאָל איך דעמאָלט בעטן ביי דעם מיידל אין דער ווייסער הויב, זי זאָל מיר דערלאַנגען אָט די רויטע גומענע זאַך, מיט דעם רויט גומענעם רערל און מיט דעם שוואַרצן „מונדשטיקל פֿון אויבן"?

וואָס פּאַר אַ פּאַסקודניאַק איך וואָלט געווען צו רעדן אַזאַ שפּראַך אין ורגעס פון קראַנקשאַפט, פון פאַרלוירנקייט!

אָ, מ'קען אייך ברודער שיין-שמועסער! מ'קען די גוטע מאַניערן אייערע און מ'ווייסט, אַז איר עסט נישט אייער... פּאַסקודסטווע אָן אַ זילבערנעם גאָפּל, — די איידלקייט פון דעם יידן, וואָס באַקלאָגט זיך אויף זיין ווייב, אַז זי איז אַ גרויסע שלומפּערקע, אַ סימן, אַז ער קומט אַהיים ביינאַכט און ער וויל אַריינשפּייען אין „סינק" — קאָן ער נישט, ווייל ס'שטייט דאָרט ס'שמוציקע געשיר...

---

און נאָך אַ משל — כדי סע זאָל זיין נישט ווינציקער, ווי גאַנצע צוויי משלים:

אַ מאָדעל-מיידל אין אַ קורץ קליידל, שטייט אויף אַ פּיעדעסטאַל — פּאַר אַ מאַלער.

עס קומען אַריין צוויי מאַנסבילן; דער ערשטער — אַ קינסטלער — קוקט אַריבער איבער דעם מיידל, באַטראַכט זי פון אויבן אַראָפּ און זאָגט:

—וווּנדערבאַר!

דער אַנדערער — אַ סוחרל מיט אַ פּליך, קוקט פון אונטן אַרויף, שפּייט אויס און זאָגט:

— פוי... עקלהאַפט!

(מ'קען אייך, אָ ריטער פון שיינשמעקעריי!)

## III

וואָס איז זשעניע?

הייוון, וואָס רייסן אויף, צעשטורמען, מאַכן ביטער.

וואָס איז ווייַן?

ווען די וויינטרויבן הייבן אָן פוילן, צעפאַלן, דעגענערירן,

דעמאָלט הויבט אָן שפּילן דער ווײַן. דעמאָלט ווערט פון דעם מיאוסן „טרויבן-ברײַ" דאָס הערבסטיקע גאָלד, אָדער דאָס דורכזיכטיקע רויטע (זעט די פֿײַנע רעקלאַמע פון „קופּערגאָלד שאַמפּאַניער !").

טאַלענטין איז זיס, איז איידל, איז אָפּגעקיילעכדיקט, ווי די נישטיקע ווײַנטרויב אויפֿן הענגל — אָבער ס'שפּילט נישט, עס דערוואַרעמט נישט, עס הויבט נישט אויף — עס איז בלויז זיסער קוואַס פאַר ביליקע נאַשערס, וואָס קאָנען נישט אויפֿוועקן אין זיך קיין אַפּעטיט פאַר דאָס ביטערע, דאָס פֿײַנע, דאָס זעלטענע.

טאַלענט — איז ביטערלעך, האַרב, שאַרף און איז דער רעזולטאַט פון צעפּאַלן, פון „הייליקן פוילן", פון דעגענעראַציע.

טאַלענט גיט זיך, לעזט-זיך-אויף פאַר אײַך, כּדי איר זאָלט קומען און טרינקען, און זיך קוויקן, און זיך טרייסטן און זיך פאַרגעסן. טאַלענטין פאַרענדיקט זיך, היט זיך אָפּ, גענים פונם גוטן ביסל זון און ווינט, ווערט צײַטיק, ווערט נשתּומם פון זײַן אייגענער ווײַנטרויבנקייט און טראַכט: „איך וואָלט געקאָנט זײַן ווײַן, נאָר איך וויל נישט „קראַנק-ווערן".

IV

ברענט אַ לבנה — אַ קאַלטע, אַ געלע, גייט מיר נאָך.
— לבנה, ווייסט פון וואַנען איך גיי?
איך גיי פון דאָרטן-און דאָרטן.
— וואָס האָב איך געטון דאָרטן-און דאָרטן?
דאָס-און דאָס.
— פאַרוואָס האָב איך געטון דאָס-און דאָס?
— ווײַל אַזוי און אַזוי!
— איז מיר ליכטיקער געוואָרן דערפון, אַ מענטשעלע אויף דער לבנה?
(דאָס מענטשעלע אויף דער לבנה שמייכלט)

איך גיי דורך הויפנס שמעקעדיקע, צעטראָטענע בלעטער. דער טעם פון אַ ביטערלעכן מאָנטיק אין מיין זכרון — דער טעם פון גלאַטער זיסקייט אויף מיינע שפּיץ־פינגער, דער טעם פון טויט אויף אַלע דינקייטן פון דער באַהאַלטענער נעץ, אין וועלכער מיין ביסל לעבן צאַפּלט זיך, ווי אַ פויגל אין אַ זאַק. און די לבנה גייט מיר נאָך ביז אַהיים, ציילט מיר די טריט און זאָגט:

אָט־אַזוי.

אָט־אַזוי.

אָט־אַזוי.

— אַ גוטע נאַכט, לבנה. אַ גוטע נאַכט מענטשעלע אויף דער לבנה.

און שמייכל נאָר נישט אַזוי, דו!

מיט צוועלף מינוט פריער בין איך אויך געווען אויפן הימל — פוי, טייפל!

V

זענען די לעזער באַקאַנט מיט מיין שטעקן?

אַ שאָד!

זיי וואָלטן אים באַדאַרפט קענען!

איך וועל אים באַשרייבן:

געל־געפּלעקט מיט אַ קרום, גלאַט הענטל, אַ בלאַכן שינל און שלאַנק — ווי אַ פרימאַדאָנא.

טאָג־טעגלעך קאָנט איר אים זעען אויף די יידישע גאַסן אַרומשפּאַצירנדיק מיט מיר.

נאָבעלער שטעקן!

ער דיכטעט נישט, רעדט נישט קיין לשון הרע, טרינקט נישט קיין ביליקן ווין און איז זייער סאָליד.

מען קאָן אים נישט פאַרלירן אַזוי לייכט, ווי אַ געליבטע, אָדער אַ שטעלע אין אַ רעדאַקציע.

און אויף דער עלטער איז ער אַ באַדייטנדע שטיצע —
וואָס דאָס איז אַ קלוג וואָרט־שפּיל.
איך ראָט אַלע לעזער, זיי זאָלן פּערזענלעך באַקענען זיך
מיט מיין שטעקן, וועלכער איז אַ טייל פון מיין טאַלענט...
און וועלכן איך האָב דארום אַ לאַנגע צייט נישט געוואָלט
פאַריינשטעלן אין צייטונג.

---

## אין צוואַנציק יאָר אַרום

מען זיצט ביי אַ טישל און מען רעדט — וועגן זיין צליין־
אייביק — אינטערעסאַנט.

און אַ. ר., מיט וועלכע בוכשטאַבן איך באַצייכן דעם
קינדיש־קלוגן דיכטער אברהם רייזין, באַמערקט:

— אין אַ צוואַנציק יאָר אַרום וועט עפּעס איינער אַ
לעזער אויסגלייכן דעם קנייטש פון זיינע הויזן און דערציילן
זיין כלה: ס'איז אַמאָל געווען אַ שרייבער אברהם רייזין, האָט
ער געשריבן אין אַ ליד „שטייט אויף, איר אונטערדריקטע מאַסן”.

און אַן אַלטער מאַן מיט ברילן און אַ גלאַטן קאָפּ וועט
באַמערקן:

— אָ, איר מיינט געוויס יענעם מאַן, וועלכער פלעגט
תמיד געבן דעם קעלנער אַ שיינעם טרינק־געלד?

דער געניסטער סימן.

און אַ יונגער טאַלענטלאָזער הומאָריסט מיטן נאָמען משה
נאַדיר, ווילט אויך עקספּראָמפּט זיין און ער זאָגט:

דער זעלבער ייד וועט, רעדנדיק וועגן מיר, באַמערקן:

— אָ, איר מיינט יענעם, וועלכער איז אויף די עלטערע
יאָרן אַראָפּ פון זינען? — איך האָב אים זייער גוט געקענט...

און אַזוי ווייטער, ביז איך באַשטעל קאַווע — כאָטש
ס'ווילט זיך נישט טרינקען.

פּ. ס. משה נאַדיר דאָס איז מיין פּסעודאָנים!

# ששש, דער פאָרהאַנג גייט אויף!

ווי אַזוי ענדיקן זיך דראַמען? מיט אַ שאָס, נאַטירלעך, מיט אַ קינזשאַל-שטאָך אין האַרץ, מיטן טויט.

עס איז דאָס גרינגסטע.

די גאָטהייט (אַ גרויסע קינסטלער-געזעלשאַפט!) האָט עס אויך אַזוי געמאַכט. זי האָט באַשאַפן אַ טעקסט פאַר אַ דראַמע, דעקאָראַציעס. געבראַכט צו אַ קלימאַקס. אָבער זעענדיק, אַז עס וועט זיין צופיל אַרבעט, אויסצוטראַכטן אַ באַזונדערן סוף פאַר יעדן העלד, האָט זי געמאַכט אַ פּאַטענטירטן פינאַל פאַר אַלעמען — דעם טויט.

ס'איז אמת, אַז דאָס איז באַנאַל און נישט „ווירדיק" די האַנט פון אַזאַ ערשט-קלאַסיקן דראַמאַטורג, ווי יעהאָוואַ, אָבער עס שפּאָרט-איין אַרבעט

געוויינלעך מיינט מען, אַז די גאָטהייט דערהרגעט די מענטשן צוליב שלעכטקייט. אָבער איך פאַרזיכער אייך, אַז ס'איז נישט אַזוי. עס איז פּשוט אומבאַהאָלפנקייט. אַז די געטער (און דראַמאַטורגן) דערגייען צון אַ פּונקט, ווען דער העלד מוז אויפטרעטן און עפּעס טון אַזוינס, וואָס ס'איז נאָך-נישט-געהערט-געוואָרן, נעמען זיי און דערהרגענען אים און ווערן פּטור פונם גאַנצן „טראָבל"...

דער צוקוקער איז דערשטוינט, קלאַפּט בראַוואָ. ער מיינט, אַז דאָס איז קונסט. אָבער די, וואָס זענען געניט סיי אין דער דראַמע-וועלט, סיי אין דער וועלט-דראַמע ווייסן, אַז דאָס איז בלויז אַ — שוואַכקייט, מצד דעם פאַרפאַסער...

* * *

„אין אונזער טעאַטער שטייט די קונסט העכער פון אַלצדינג“ — האָט צו מיר געזאָגט אַ גאָטגעבענטשטער קינסטלער פון אַ גאָטגעבענטשטן טעאַטער.

איך האָב מיר געריבן דעם שטערן. זיך דערמאָנט אָן דעם רעפּערטואַר זייערן און געשמייכלט.

דער גאָטגעבענטשטער ק. האָט נאַטירלעך געמיינט, אַז איך שטים-איין מיט אים, אָבער איך האָב (שטילערהייט) געטראַכט:

יאָ, די קונסט שטייט אין אייער טעאַטער אַ סך העכער פון אַלצדינג — אַ סך העכער פון אייער טעאַטער אַפילו, העכער פון אייער באַגריף וועגן טעאַטער, העכער פון אייער אָנגעבלאָזענער הויכקייט. העכער פון אייערע קינסטלער.

און געזאָגט האָב איך:

די קונסט שטייט ביי אייך מ ע ר ק ו ו י ר ד י ק הויך.

* * *

צו חברים דראַמאַטורגן: אַז איר שרייבט אַ דראַמע, זעט למע"ה, אַז דער פ אַ ר וו אָ ס פונם נאָמען זאָל נישט קלאָר ווערן ביז צום סוף.

דער סטאַף געהיימע אַגענטן, וואָס „ליפערט“ מיר נייעס פונם טעאַטער, האָט מיר באַוויזן מיט דאָקומענטן, אַז 99 פון יעדע 100 יידישע טעאַטער-גייער — קומען בלויז זעען, פ אַ ר וו אָ ס אַ געוויסע פּיעסע הייסט אַזוי און אַזוי און נישט אַנדערש. אַזוי גיך ווי זיי געפינען דאָס אויס, גייען זיי אַהיים.

אַ קלוגער דראמאטורג וועט דעריבער פאַרשטיין, אַז אויב זיין פּיעסע הייסט למשל „דער שוואַרצער רעגן“, טאָרן די העלדן בשום אופן נישט זאָגן באַלד אין ערשטן אַקט „מיין לעבן איז, ווי אַ שוואַרצער רעגן, וואָס פאַלט איבער די פוסטע פעלדער“ — ווייל דער עולם וועט ווערן אומרויק און נעמען ביסן, צונויפקלויבן די קינדערלעך און זיך גרייטן אין וועג אַריין...

די פראַזע „מיין לעבן איז, ווי אַ שוואַרצער רעגן, וואָס פאַלט איבער די פוסטע פעלדער״ הגם זי איז זייער אַ שיינע, מוז זי אָבער אָפגעלייגט ווערן ביז צום סוף. ווען מ׳ברענגט אַריין די טויטע העלדין אַ געזעלבסטמאָרדעטע, דעמאָלט קאָן זי דער גרייז-גרויער פאָטער (וועלכער מוז שוין איצט נעבעך גייען אַרבעטן) האַלטן אונטערן אָרעם, — און זי דאַרף זיך שאָקלען מיט אַ גרין-באַלויכטן פנים און זאָגן: „מיין לעבן איז, ווי אַ שוואַרצער״ — און אַזוי ווייטער.

* * *

צו דער געלעגנהייט פון יעקב פ. אַדלער׳ס אַהיים-קומען:

אַדלער איז נישט נאָר שוישפילער — ער איז דאָס י י ד י ש ע ט ע אַ ט ע ר. ער איז אונזער ל ע ב ע ד י ק ע טעאַטער-געשיכטע. ער איז דער גאַנג פון אַזוי פיל ווונדערלעכע יאָרן אויף אונזער בינע. ער איז איר פאַרגאַנגענהייט, געגנוואַרט און צוקונפט. זיין ג ר ו י ס ק יי ט איז איר מאָס. זיינע פ ע ל ע ר ן איר — דאַנק. ווען דאָס יידישע טעאַטער וועט פאַריונגט ווערן דורך אַלטקייט, דורך איבערלעבן, דורך טראַגישע אויף-און-אָפּס, דורך אַ שיינ-קייט-באַגריף, וואָס איז סטיליזירט ביז שוישפיל, דורך מאָלן דעם אמת אין מ ע ר, ווי זיין באַרטירלעכער גרויקייט—דעמאָלט וועט זי זיין אַזוי שמערצלעך-שיין און אוואַנטוריסטיש יונג, ווי אונזער לעבעדיקע טעאַטער-געשיכטע — אונזער יעקב פ. אַדלער.

* * *

מאָריס שוואַרץ האָט פאַראיאָרן — אַנטדעקט אַמעריקע — אין געשטאַלט פון פרץ הירשביין, וועלכער איז שוין ב״ה לאַנג געווען אַנטדעקט פאַר אַלעמען — אַ חוץ פאַרן יידישן טעאַטער, דאָס איז געווען אַן — אַנטדעקונג, פונקט ווי עס וואָלט (איך מיין עס שרעקלעך ערנסט!) געווען אַן אַנטדעקונג נאָך אַמאָל צו אַנטדעקן דאָס פ ר יי ע אַמעריקע, וואָס קאָלאָמבוס האָט אַנטדעקט.

דאָס „קונסט-טעאַטער"--גענויגט צו אַלערליי גרויסע אַנטדעקונגען — האָט זיך לכתחילה אַ נעם געטון זען, וואָס אַנדערע האָבן אַנטדעקט און — עס אַנטדעקן אויפסניי.

אַזוי האָבן זיי, למשל, אַנטדעקט די נ יי ע טאַלענטן: איבסען, הויפטמאַן, פּינסקי, הירשביין און דעם לאַנגן סווען פון „שמשון און דלילה".

מאָריס שוואַרץ האָט (אָן אויגן-גלאָצעניש) אַנטדעקט אַמעריקע, אָבער דאָס „נייע טעאַטער" האָט אַנטדעקט — קאָלאָמבוסן!...

✲ ✲ ✲

איך האָב — צום אוממעגלעכסטן מאָל — געזען איבסענס „נאָראַ". ביי דער סצענע, ווו דער „שלעכטער מענטש" לאָזט אַ־בער אין בריווקעסטל דאָס געוויסע צעטעלע צו נאָרעס מאַן, און „זי" לויפט אַרום אַ פאַרצווייפלטע, און שפּילט-אָן אַ פולע שטוב מיט שרעקלעך-איבסיניסטישער דראַמע — ביי אָט-דער סצענע איז מיר (איינעם אַליין!) איינגעפאַלן, אַז ווען נאָרע האָט בלויז אַ קאַפּיטשקע שכל, — אָט-אַזוי-פּיל-אָ! — וואָלט זי געקומען און אַרייגעוואָרפן אַ ברענענדיק שוועבעלע אין בריווקעסטל און זי וואָלט געווען געראַטעוועט. אי טאָמער איז דאָס בריווקעסטל אַ ה י ל צ ע ר נ ס? האָט זי דאָך געקאָנט פאַרברענען דאָס ג אַ נ צ ע קעסטל! וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט דער פּרייז פון אַ קעסטל צון אַזאַ טראַגע-דזשע?

זאָל מיר געאָרג בראַנדעס מוחל זיין פאַר מיין טיפער איבסען-לעסטערונג!

✲ ✲ ✲

די פרוי אין יידישן טעאַטער איז שטענדיק געווען פאַררעדע, פאָרם, — ליבע.

מענטשן, וואָס האָבן אַליין נישט קיין שום ט ע כ נ י ק אין דער ליבע, זענען געקומען זיך ל ע ר נ ע ן, און דער סוף איז געווען, אַז זיי האָבן דערפון געלאַכט. עס איז געווען „צו ערנסט אַלס שפּיל, צופּיל שפּיל אַלס ערנסט".

ענדלעך איז געקומען די מאַדאַם וואַליער — און פאַרזיי געשפּילט, נישט די אורזאַך, נאָר די פאָלגע; נישט ליבע, נאָר טעקסט. דערבּון האָט מען שוין נישט געקאָנט לאַכן! נישט געקאָנט אַפילו מיטקלאַפּן מיט די ליפּן, בעת זי האָט געקושט איר געליבטן — דאָ איז געווען די טראַגעדיע פון ליבעס-שפּיל, אָנשטאָט דער ליבעס-שפּיל פון דער טראַגעדיע. דאָ זענען אַלע געווען איבערצייגט און געצאָלט 2.20 דאָל. בלויז איינציקע קאָנסערוואַטישע מענטשן האָבן געטראַכט, אַז צו האָבן אַ נאָז דאַרף מען זיך ביי קיינעם נישט לערנען, און אַז דאָס הויפּט-פּראָבלעם איז פאָרט, ווי אַזוי צו נוצן ס׳טאַשן טיכל!

* * *

אין טעאַטער-שטיקער איז פאַראַן צווייערליי סאָרטן דיסטאַנץ: עס איז פאַראַן אַ דיסטאַנץ, וואָס ווערט געשאַפן דורך דעם, וואָס דער אויטאָר רוקט אָפּ די בינע פונם פּובליקום, און עס איז פאַראַן אַ דיסטאַנץ, וואָר ווערט געשאַפן דורך דעם, וואָס דאָס פּובליקום האַלט זיך ווייט פון דער בינע — אויף אַזוי ווייט, אַז עס גייט אַזש אין אַנדער טעאַטער אַריין.

* * *

דעם חילוק צווישן דעם א. טעאַטער און דעם ב. טעאַטער איז דאָס. וואָס דאָס ערשטע צ י ט געווענלעך פון פאָרנט און דאָס אַנדערע ציט פון אונטן.

# מיטלען קעגן דער אינפלוּענציע

ווי אַ סך מענטשן, וואָס שרייבן זיך אונטער „דאָקטאָר“, בין איך אויך נישט קיין דאָקטאָר. דאַריבער נעם איך מיר, פאַרשטייט זיך, די פרייקייט צו שרייבן וועגן די פאַרשידנסטע זאַכן אין דער וועלט.

ווי באַקאַנט, נעמט זיך די אינפלוּענציע דערפון — וואָס על... קיינער ווייסט נישט פון וואַנען זי נעמט זיך! די הויפּט־סיבה פון אָט־דער קראַנקייט איז — דאָס, וואָס זי גרייפט אָן. בע־בע־בע! זי זאָל נישט אָנגרייפן — וואָלט עפּעס אַנדערש געווען. אָבער צו דעם קאָן מען גאָרנישט־נישט טון.

איצט, אַז מיר ווייסן שוין, ווי ווייניק מיר ווייסן וועגן דער אינפלוּענציע, קאָנען מיר גלייך אָנהויבן דערלאַנגען אונזערע עצות. מיטלען, וואָרנונגען און אַזוי ווייטער.

ע ר ש ט נ ס: זייט פריילעך! אַזוי גיך, ווי איר דערפילט, אַז עס הייבט אייך אָן שטעכן אין אַ זייט, צעלאַכט זיך און ווערט, ווי זאָגן זיי, מון־טער! וואָס מונטערער איר זענט, אַלץ מער שאַנסן האָט איר איבער־צעשרעקן די באַצילן. אַז די באַצילן וועלן דערזען אייער פּלוצימדיקע מונטערקייט, וועלן זיי מיינען, אַז איר זענט חלילה משוגע געוואָרן, און וועלן — אַנטלויפן.

צ ו וו יי ט נ ס: דאָס וועטער. גיט אַכטונג אויפן וועטער! זעט, אַז דאָס וועטער זאָל זיין, וואָס ט ר ו ק ע נ ע ר און וואָס

שענער. נאַסע און גליטשיקע וועטערס זענען, לאָמיר אייך זאָגן, זייער נישט געזונט. אין פייכטן וועטער פאַרקילט מען זיך די פיס און מען פאַרלירט די מעגלעכקייט ווידערצושטיין די קראַנקייט. ווידערצוזיצן די אינפלוענציע איז נישט מעגלעך. זי מוז זיך אויסשטיין, בעת דער פאַציענט אַליין ווידער (פון זיין זייט) מוז זיך אויסליגן.

דריטנס: אַזוי ווי די אורזאַך פון דער קראַנקייט איז נישט באַקאַנט, דעריבער איז זיכער, אַז זי נעמט זיך פון צופיל אָנשטרענגונג — מצד די באַצילן. מען מוז דעריבער זען, אַז די באַצילן זאָלן אַרבעטן, וואָס ווייניקער. צו דעם צוועק איז נויטיק, אַז איר אַליין זאָלט אַוועקלייגן די אַרבעט, כדי די באַצילן זאָלן האָבן פון וואָס זיך אַראָפּצונעמען אַ ביישפּיל.

מענטשן, וואָס זענען געצוווּנגען צו אַרבעטן, זאָלן אַרבעטן אין דער פינסטער און שטילערהייט, אַזוי אַז די באַצילן זאָלן נישט קאָנען באַמערקן, צי מען אַרבעט.

אויב איר זענט, למשל, אַ קאַוואַל, קאָנט איר אַרומוויקלען אייער האַמער מיט וואַטע.

דאָס נעמלעכע קאָנט איר אויך טון מיט דעם שטיק אייזן, אויף וועלכן איר דאַרפט קלאַפּן. אין ערגסטן פאַל — אויב איר מוזט שוין דערלאַנגען אַ הויכן קלאַפּ — זאָלט איר באַלד אַנטלויפן, איידער די קראַנקייט האָט זיך צייט צו אַנטוויקלען.

וואָס מער די אינפלוענציע אַנטוויקלט זיך, אַלץ מער פאָרטגעשריטענער איז זי, וואָס פאָרטגעשריטענער זי איז, אַלץ מער באַשטייט זי אויף איר רעכט צו פאַרניכטן אייער אַלטן אויסגעדראָשענעם „סיסטעם“. רעאַקציאָנערע קראַנקייטן אַרבעטן אפשר לענגערע שטונדן, אָבער זיי זענען נישט אַזוי קלאַסנבאַוווּסט. מ'קאָן זיי אונטערקויפן מיט אַביסל בראָנפן. אַ פּראָגרעסיווע אינפלוענציע איז ניכטער, אַרבעטזאַם, פאַנאַטיש, געדולדיק. צוערשט רויִנירט זי, דערנאָכדעם זעט זי, וואָס זי האָט ווייטער צו טון!

**פערטנס:** מיידט אויס גרויסע מאַסן. אַז איר טרעפט אַן אין גאַס אַ גרויסע מאַסע — רעדט נישט צו איר, דרייט זיך אויס מיטן רוקן צו דער גרויסער מאַסע. זאָל אייך נישט אַרן, וואָס די גרויסע מאַסע וועט זיך אפשר געפינען באַליידיקט דערפון!

אַז איר פאָרט צו דער אַרבעט, זאָלט איר זיך אויסקלויבן אַ באַזונדער ווינקל, ווייט-ווייט אַוועק פון דער גרויסער מאַסע. ווייט פון איר געשריי, פון איר טומל, פון איר אינפלוענציעשקייט. אויב די גרויסע מאַסע האָט ניט קיין שכל און שטופּט זיך צו אייך, גיט זי אַ שטופּ צוריק מיטן עלנבויגן. אין ערגסטן פאַל קאָנט איר לאָזן אַרעסטירן אַ דרייסיק-פערציק מאַסן יעדן טאָג, וועט איין ווערן אַביסל גראָמער צו פאָרן.

אַ גוטער פּלאַן וואָלט אויך געווען, אַז אַלע זאָלן פאָרן בלויז אַהין און נישט צוריק. ווייל אַז מ׳פאָרט צוריק, איז מען שוין אָפּגעהאָרעוועט פון דער אַרבעט און מ׳קאָן נישט באַקעמפן די באַצילן, נישט קיין שלעכטער איינפאַל וואָלט געווען, אַז — דורך דער גאַנצער צייט פון דער עפּידעמיע — זאָלן מענטשן אַרומפאָרן אויף אַ קאַרוסעל אין דרויסן, לעבן די שעפּער, און אַרבעטן, עסן און שלאָפן מאַרנדיקערהייט, כדי זיי זאָלן נישט דאַרפן פאָרן צוריק.

**פינפטנס:** אַזוי גיך, ווי איר דערפילט, אַז איר זענט נישט געזונט, טעלעפאָנירט אַריבער צו אייער דאָקטאָר, וועט ער באַלד קומען און אייך פאַרשרייבן — דריי דאָלאַר, צוויי מאָל אַ טאָג, ביז עס וועט אייך, חלילה, ערגער ווערן, וועט איר אים אויפהערן צו רופן און אייערע אָרימע פּאָר דאָלאַר וועלן זיין געראַטעוועט.

מיר גלויבן, אַז פאַר מאַנסביל איז אַ גרויסע מעלה דער מאַנגל אָן „נוירסעס". וואָס שענער און יינגער די „נוירס", אַלץ ווייניקער שאַנסן האָט דער דאָקטאָר צו הערן פונם פאַציענט, אַז ער איז שוין געזונט און ער דאַרף שוין קיינעם נישט.

מיאוסע „נוירסעס" זענען כמעט נישט צו קריגן פאַר קיין שום געלד אין דער וועלט. ערשטנס, ווייל די פרויען פון די קראַנקע מענער פאַרצוקערן זיי כמעט! צווייטנס, ווייל ביי אַ מאַנסביל, וואָס האָט 104 גראַד היץ, זענען אַלע פרעמדע פרויען אויסערגעווענלעך שיין.

ווי געזאָגט: דער עיקר איז — פריילעכקייט.

אַלע, וואָס לייענען אַט-די שורות האָבן פאַריאָרן איבער-געלעבט די קראַנקייט, איז אַ סימן, אַז מיר אַלע (אָן שום אויסנאַם!) זענען פאַרזיכערט קעגן אינפלוענציע, און מיר מוזן זען, ווי ווייט מעגלעך, זיך צו האַלטן אויף די פיס. אין ערגסטן פאַל טאָרן מיר נישט פאַרגעסן, וואָס דער אַלטער גמליאל גימעלמאַן זאָגט: „עס מאַכט זיך עמאָל, אַז אַ מענטש שטאַרבט, אָבער געפערלעך איז דאָס נישט!"

צום שלוס וועלן מיר נאָך זאָגן, אַז אַזוי ווי די מעדיצינישע וויסנשאַפט ווייסט אַבסאָלוט נישט פון קיין שום מיטל קעגן אַט-דער קראַנקייט, דעריבער ראט זי, מען זאָל למה"ש אָפהיטן אַלצדינג, וואָס די מעדיצינישע וויסנשאַפט הייסט, אַז נישט, איז מען חלילה אין דער גרעסטער געפאַר...

# אויף צום ערשטן מאַי

יאָ אַזוי שרייבט מען טאַקע פלעגן שבפּלעין, אַזוי אַז די מידע, האָרעפּאַשנע אַרבעטאָרער זאָלן פאַרשטיין מיטן ה ו י ל ן שנל.

מ׳טאָר נישט, למשל, צרויפשטעלן אַ קעפּל: „נאַקעט, ווי דער ערשטער מאַי׳, וואָרום, וואַדעיעמין „נאַקעט, ווי דער ערשטער מאַי״, און ווער האָט כח צו פאַרשטיין, וואָס מיר מיינען דערמיט?

אַרבעטער האָבן הענט שטאַרקע, מוסקלען גוואַלטיקע, אָבער — די קעפּ דאַרפן בלייבן, ווי ביי פייגעלעך אין קאַפּי־טאַליסטישע שטייגעלעך.

ציפּ־ציף, פייגעלע, פאַרלי וואָנטס עי ק־עקער?

אָרעמע פייגעלעך, נעבעך! זון־זינגערלעך! שיינפעדער־דיקע, קליינע בליערלעך!

אייער ציפּ־ציף איז פּלעין. „ציף״, ווי איז מיר, כ׳איז אין שטייג, און נאָך אַמאָל „ציף״, ווי איז מיר. מ׳מוז טרינקען וואַסער פון אַ גלעזערן קאָרעטעלע, אָנשטאָט פונם אָפענעם טייך, און נאָכאַמאָל „ציף״, ווי איז מיר, מיר זענען נעבעך אָרעם און דערשלאָגן און געפּלאָגט און אַז מ׳גיט אונז אַ פינ־גער — בייסן מיר.

* * *

אויף צום ערשטן מאַי!

אויסגעריבן, ווי אַ באַקוועמער שוך. אָדער ווי דער זייך פון אַ שוסטער-בענקל, דער הינטן וואַרפט זיך אַריין אין דער „רונדלעכער אויסגעקאַלופעטקייט״ און איז זיך מחיה.

פרישיגנאַריש געוואָרענע זאַכן זענען דאָך קלוג, פאַרגלייכט מיט אַייער „גומיזיגל-חכמות״.

דער שטאָלץ בלאָזט אָן די גילדענע גליגלען, ווי אַ דערצערנטער האָן און — זוכט אָן אויג אויסצו ראַבלען.

דאָס בלוט שלאָגט ס'האַרץ-פערדל ווי מיט אַ רייט-בייטש: „אָ, דו נאַריש האַרץ! דו לויפנדיק האַרץ אָן אַ גרענעצ-פירער, אָן אַ וועגווייזער!״

אידעאַלן צעלייגט אויף טישן רופן קונים: רויטע, גרינע, בלאָנדע אידעאַלן. אָבער דער זון-בעזים ווישט אָפּ. אַ דור — אַ נאַסער שוואָם, וואָס פאַרמעקט דאָס געשריפטס. אַ הימל — אַ ריין בלוי נאָזטיכל אויף אָפּצווישן טרערן.

און מענטשן זענען אַזוי אָפט און אַזויפיל. און דער מוח — קייט לעקעך צעווייקט אין וואַסער.

גאָלדענע ציין אין מויל פון אונזער שכל, ווייכע יאַסלעס און — אפילו וואַסער איז צו האַרט.

אָבער דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז דאָס וועט נישט זיין קיין ערשטער-מאַי-אַרטיקל.

*

צו אייך קום איך מיין גלויבן אויפפרישן, מיין מוט אָנ-וואַרמען.

און איר טראָגט פאָנען אויף פאָנען, קוקט אויף די אידעאַל-פאָדעשוועלעך, צי זיי זענען ניי און הייסט זיך אָנמעסטן. קיין „ענגע אידעאַלן״ האָט איר נישט ליב. אַפילו אַ „פּראָשיקל״ אין די שיך אַריין, ווילט איר אויך נישט.

ברייטע אידעאַלן, ברייטע פּראַזנהויזן.

צום ערשט: דער קאַפּעלויש. אַ קאָפּ געפינט מען שפּעטער, וואָס זאָל פּאַסטן.

אין ליבשאַפט צו אייך — דורך רויטע טרומייטערלעך טראַ-טאַ-טאַ. איך האָב דיר ליב, ברודער, ברום-באַראַבוס, איך קאָן אָן דיר נישט לעבן, שוועסטער.

און סע פלאַטערט די פאָן.

*

מיין פאָן איז דער ווינט, וואָס פלאַטערט רויט און גרין און בלוי איבער מיין פּלייצע. מיינע אידעאַלן זענען מאָגערע, אויסגעצערטע און האָבן קיין גרויסע בייכער נישט.

אָבער ס'האַרץ שרייט, אַ ווייטיק פּרעסט מיך ווי ברויט, ווען איך זע אייער לעבן אַזוי פאַרשמירט און באַשפּיגן. און ווען איך זע, ווי דער פריש-באַגנבעטער לערנט פון ביכלעך, ווי אַזוי צו כאַפּן דעם גנב, אַנשטאָט אים גלייך נאָכצולויפן, הויב איך אויף די הענט מיט גרויס צער און בעט ביי גאָט, ער זאָל לאָזן רעגענען מיט נאַפט אויף אונזער וועלט, און דערנאָך אַראָפּוואַרפן אַ שוועבעלע.

און ווען איך זע, ווי דער וועלטס ברויטגעבער שעמט זיך מיט זיין נאַקעטקייט און שלעפּט אויף זיך מעדאַלן — ווער איך פאַרשעמט און לויף אין שוויץ אַריין.

* * *

כ'האָב מיט אייך געלערנט:

דאָס לעבן אַליין איז אַ קלייד. יעדער דינסטיק איז אַ היטל מיט פיר שפּיצן. יעדער פרייטיק איז אַ שטריימל. יעדער מיטוואָך איז אַ פּאָר גאַטיעס.

די הויט אַליין איז אַ שווערער מאַנטל. די נאַקעטקייט איז אַ נישט-דורכזיכטיקער, גראָבער פלאַשטש. און אַפילו די נשמה אַליין איז אויך נישט מער ווי אַ שטיק געוואַנט, וואָס דעקט עפּעס צו.

אָבער איר געטרויט אייער שניידער מער ווי אייער גאָט.

און דאָס לעבן, וואָס אייער טאַטע-מאַמע נייען אייך אויף, איז אויך נישט גענוג שיין, און איר דעקט עס צו מיט שניידערשע זאַכן.

ביי אייך איז יעדע נאַקעטקייט — מיאוס; יעדער אָנטועכץ — שיין.

אַלע „נאַקעטע רייד" זענען ביי אייך גראָב, אַפילו ווען זיי ווייזן פון די ליפּן אַראָפּ.

אַלע „אויסגעפּוצטע רייד" זענען ביי אייך איידל — אַפילו ווען זיי זענען שעטנזדיק-טריף, פון יעדן געדאַנק אויסגעבלאָזן, טמאהקייט פאַרפּלעקטע.

און דאָס איז דאָך אַזאַ שאָד!

אַרבעטער, אַרבעטער! דורך בלישטשענדיקן אָנטועכץ, דורך שליפעס און שפּאָרן, דורך „היטלען און קנעפּ" האָט מען דיך שטענדיק אָפּגענאַרט. דאָס קלויסטערל, דאָס קלייזל, דאָס קעניגל, דאָס גלחל — אַלע האָבן דיך באַשווינדלט מיטן כח פונם „מיצל-מיט-שפּיצלעך", מיטן בלישטש פונם „שאַרלעך-מאַנטל", מיטן כישוף פון גאָלד-לייבצודעקלעך און זילבער-שווערדלעך. אַך, ווי האָבן זיי געציטערט צו גיין מיטן פאָלק אין באָד אַריין! ווי האָבן זיי, — דיינע ברויטרויבער — געציטערט צו ווייזן, אַז אַלע מענטשן זענען גלייך נאַקעט-געבוירענע.

דאָס קלייד, דאָס קלייד!

דורות-לאַנג האָט דאָס קלייד דאָס לייב פאַרמיאוסט. הינטערן קלייד האָט מען געטראָגן געשווירן און קרעץ, בלוט-קראַנקהייטן און צרעתן.

* * *

די קליידער אַראָפּ, ברידער! דאָס נאַקעטע וואָרט, די נאַקעטע טאַט זאָל הערשן. נאַקעטקייט איז קיינמאָל נישט אַזוי אומריין, ווי אַ קלייד, וואָס ווערט פאַראומרייניקט דורך דעם נאַקעטן קערפּער.

נאַקעט, ווי דער ערשטער מאַי! נאַקעט ווי אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר! נאַקעט ווי דער ווינט. נאַקעט ווי דער אמת, וואָס פלאַטערט דאָרט, וו אונזער פאָן ענדיקט זיך. נאַקעט–ווי דאָס לעבן!

אין דער יצירה געטרויען. אין א י ר אַרבעט! נישט אין – שניידערס.

דאָס לייב פאַרהייליקן, נישט דעם שפּענצער!

זאָלן זיך אָנטון די קרעציקע ביז צום האַלז, די פאַרכעס – ביז איבערן קאָפּ. זאָלן די באַפלעקטע – זיך אָנטון אין ווייסע העמדער.

איר, וואָס גראָבט ברויט און גליק, איר גערעכטע און אמתע – טוט אויס די בושה! עס איז אַ קלייד אַרויפגעצויגן אויף אייך פון נאַרישע יעוונוכן.

ריין און ערלעך, און פּראָסט און נאַקעט, ווי דאָס לעבן– זאָל אונזער לעבן זיין, ברידער!

און אַ פייער זאָל קומען אויף אַלע, וואָס טוען אָן זייערע טרייפענע רייד אין לייב-צודעקלעך!

# ש נ י י

ס'הארץ גיט אַ פלאַטער-אויף. צעמאָליקייטן פליען אויפן שניי. זילבער-פיליגרי אויף צעשוימטע וואַסערן. נעכטיקע טעג אין פאַרנאַכטאָגיקע לענדער. פעלדער פאַרפליטערטע. מילדע, רויק-טרויעריקע, אומענדלעכע פיינפלאַכן. גלישטשענדיקער אומעט — אויף דער זיס-אומעטיקער וועלט. שטילע, אָן-קלאַנגיקע קלינגערייען — א בער לאַנג-לאַנג ווייטן, וואָס ציען זיך לאַנג, לאַנג, לאַנג איבער דער ווייטער ווייט.

שניי אויף די שווייצערבערג. שניי אין מיין היים-שטעטל. שניי אויפן אַמעריקאַנישן דאָרף. יעדער שניי האָט זיין פאַרב, זיין דופט, זיין בענק-זין. אַלע שנייען האָבן מיך ליב. אַלע שנייען טראָגן מיינע טראַכטונגען. יעדע בענקעניש האָט דעם טעם פון פליענדיקן שניי. יעדער שניי האָט דעם ריח פון — בענקען. די קרויז-ליניעס פון אַ יום-טוב, וואָס דרייט זיך אַרום די פאַליעס, מיט די פאַליעס, מיטן ים, מיט דער ערד, מיט דער צייט, מיט דעם געדאַנק, וואָס טראַכט דאָס אַלצדינג — אַזוי פאַרצירינגט, אַזוי בליק-בלאַנק-בלוי — ווי דאָס בלוילעכט איבערן פאַרנאַכט-שניי, ווען די מאַראַנצן-זון האָט עטלעכע פאַרגעסענע פאַרב-זאַנגען איבערגעלאָזט, און זיי מיט דעם-בלוט-בלויען לבנה-וויין פאַרמישט.

שניי דו, מיין גוטער, טרייסטענדיקער שניי!

פאַל רויק, פאַל שטיל איבער מיין אויפגעשטעלטער הענטעלאַך. פאַל רויק, פאַל שטיל — איבער מיין הוילן קאָפּ. פאַל זומערדיק, פאַל גרינג איבער די בידנע שויבן פון מיין פענסטער, אויפן וויסטן פעלד, וווּ מיין באַטע ליגט פאַרגעסן, ווי די אַנדערע העלפט פון אַ חלום.

* * *

ס'איז אין דער שווייץ.

אַ קליין גאַסט-הויז. ווי אַן אַלט ענגלישע ראַדירונג. עס בראָט זיך אַ גאַנז אויף אַן אַרויפגעשטעקטער שפּיז איבערן פייער. אַ קופער-ברוין, פון פייער-פאַרב פאַרמאַסקירט פעט מענטשל, אין אַ ווייס שערץ, האַלט די בראָטשפּיז. ער האָט אַ רויטע נאָז מיט ווייַנפּערלעך, און ער זינגט לידלעך. דאָס פייער זשירט, ווי אַ שפּינדל פון אַ שפּינרעדל. די בלויע פייער-נשמה רייסט זיך פון דעם שוואַרצן שטיקל קויל. וויל ברענען אָן דעם גוף. שילט איר באַהאַפטענקייט און — קאָן זיך נישט צעשיידן מיט דעם קרעכצנדיקן גוף.

די פענסטערלעך זענען קליין. די געזימסלעך אָנגעבעטט מיט גרינעם מאָך. פראָסט-צירונגען. דעש-ניע-דעש איז אַ שטיקל פענסטער ריין. אויסגעהויכט פון דעם אָטעם פון אַ מענטש, וואָס שטייט ביים פענסטער און בענקט.

ביי טישלעך זיצן געסט, טרינקען פּונש אָדער ווייַן, און דערציילן פון די מענטשן, וואָס זענען הייַנטיקן זומער פון די הויכע בערג אַראָפּגעפאַלן.

ביים אַלקער-בויג פון דער „שטובע" זיצט אַ בעטלער מיט אַרומגעשמאַטעטע פיס און אַ קוליע. ער זינגט אויך. האָט הייסן פּונש געטרונקען, איז ער גוט אויפגעלייגט. ער ציט מיט זיין צעפליקטער שטים:

„איבער אַלע בערגעלעך
איז דער שיינער שניי — —"

און באַגלייט זיין פערז מיט אַ כריפּענדיקן ציִ-האַרמאָניקע.

אַ יעגער מיט אַ גרינער פעדער אין היטל האָט זיין ביקס צריבערגעלייגט איבער די קניעס, ווי אַ קינד צום שמייסן, גריזשעט אַ חזיר־קנאָכן. און זיין קליין שפּיץ־בערדעלע איז אויף זיין פּנים, ווי אַ פאַרבלאָנדזעט שעפּעלע אויפן שפּיץ פון אַ באַרג.

איך רויכער מיין לאַנגע סטודענטן־ליולקע. טראַכט: „אָ, זי, זי, זי!" און איר גרין שערצל פלאַטערט פאַר מיינע אויגן, בעת זי דערלאַנגט דעם ווייַן.

די נאַכט איז פול מיט שניי. דאָס גאַסט־הויז איז אויף אַ הויכן באַרג אין דער שווייץ. אונטן ליגט, ווי אַ געפרוירע־נער זיגער־געדאַנק, דער ציריכער זע. דער שניי הויבט אָן טאַנצן, וואַרפן, פעסטער־רייסן.

איבער די בערג גייט אַ וואָהו־אוי. און איך בין מיט איר — אין נאַכט־שרעק פאַרשכורט, מיט שניי־גלאַנץ באַזויפן, מיט באַרג־טרויער פאַרשאָטן.

* * *

דער שניי שיט.

איך בין דורשטיק. איך וויל טרינקען.

איך גיי אַרונטער אונטן אין שענק־שטיבל. ס'איז ליידיק. אַ זייגער זינגט. צעזינג די רגע'ס אויף נאָך קלענערע קליי־ניקייטן. אַ פיגל לעמפּל ברענט אויפן טיש, ווו אַ שטיק גאַנז איז געבליבן, און די האַרמאָניקע ליגט אויף דרערד אַצעצויגענע, ווי צום שפּילן פון זיך אַליין.

אין דער האַלב־פינסטערניש גיב איך אַ טרעט אַרויף אויף דער האַרמאָניקע, זי וואַרגט פון זיך אַרויס אַ ברעקל קלאַנג. אַ צעשויבערטער רויט־גרויער קאָפּ רירט זיך פון דר'ערד ביים אַלקערווינקל, זינגט עפּעס אונטער דער נאָז.

ס'איז דער בעטלער. ער ליגט פלאַך אויפן רוקן, פריי־לעך־פאַרשיכורט. איבער זיין מויל איז דער צאַפּן פון אַ ווייַן־פעסל. סע קאַפּען אים בלוי־רויטע טראָפּנס גלייך אין מויל אַריין. ער ליגט זיך באַקוועם. די קניעס אויפגעשטעלט, ווי קראָקוועס.

דאָס פּנים געראָטלט. פאַרחידושט. די אויגן זענען אין ערגעץ
נישטאָ. אפשר שלאָפן זיי? אָבער ער זינגט מיט זיין צעפּליקט
קול:

„איבער אַ-לע בערגע-לעך
איז דער שיי-נער שניי".

* * *

דער שניי גייט. איך הער דאָס שופּלען פון שופלעס. מ'טרייבט
דעם פאַלנדיקן שניי נאָך איידער ער פאַלט... מ'טרייבט דעם
חלום, נאָך איידער דער שלאָף קומט...
אָבער דאָרט אין מיין היימלאַנד!
שנייפלאַכן אויף שנייפלאַכן.
ווינטן שלייפן דעם שניי. שאַרפן די ווינטן דעם שניי
אָדער זיך? ביידע זענען שאַרף, ווי אַ פאַרלאַנג. שטאָלענע
פלייטן וויינען. אייביקייטן גייען אַרום ליידיק איבער די ווייסע
וויסטענישן פון אונזער לאַנד.
אויפגעקרייזלטע, צעשטויבלטע שניי-פּאַליעס גייען אַ טאַנץ
אינמיטן מאַרק. געפינען קיינעם נישט. אַ חוץ אַ יידענע מיט
אַ פעסט-צוגעקניפּטן שאַל. רייסן זיי ביי איר עפּעס פון
דער האַנט. שלעפּן זי. שטופּן זיי אונטער. עס זעט אויס, ווי
די פרוי וואָלט אויפן ווינט אַרויסגעוואָרפן געוואָרן, אַן איינ-
געפּאַקטע, מיט אַ בילעט פאַר דער ווייטער ווינט-רייזע...
ווינט. שניי. געבעט. געוויין. האָפנונג.
אויף די ווייסע פלאַכן בליט די האָפנונג, אַפילו ווען
דער וויגט וויינט. דער טייך איז — אַן עק, אַ סוף, אָבער
אונטן, אונטערן אייז-פעלד, ווייסט יעדער, אַז ס'ט לעבט דאָס
וואַסער. דער אָנגעפרוירענער וואַסער-טרעגער, מיט די אָנגע-
פרוירענע וואַסער-קאַנען, וואָס זינגען, ווי גלאָז אויף דער
קראָמיסל, ברענגט אַ גרוס פונם טייך, פון אַ שטיל, זיכער
לעבן אונטער דער האַרטער, שרייענדיקער ווינטער-שאָלעכץ...
שניי, שניי.

און ווי ריין דאָס איז! דאָס אויג אַליין קאָן ריינער נישט זיין!

ס'האַרץ אַליין קאָן ליכטיקער נישט האָפן, ווי די שניי־ליכטיקייט אויף אונזער לאַנד.

פון די דעכלעך הענגען בליק־געפרוירענע שפּיזן, גע־דרייטע פּעכט־מעסערס, פאַר די שוואַכע דאַך־שטרויעלעך, וואָס גייען קיינמאָל נישט אין מלחמה אַריין. שפּעטער (אַז עס ווערט וואַרעמער) ווייזנען די „קרומע שפּיזן" איבער דעם געדאַנק, אַז זיי האָבן אַמאָל געוואָלט שאַרף און גלפּערלעך זיין — קעגן אומשולדיקע שטרויעלעך אויף אַן עלנטן דאַך, קעגן מענטשן, וואָס עסן הירש־מיט־האָניק, קעגן ליידיקע פּלויטן, ווו האָרבאַטע ווינטן קומען זיך אַ קראַץ טון — (ווי פּעדקעס חזירל מיטן שוואַרצן אויערל — אויב איר געדענקט!).

אָ, דו מיין שטעטל! אָ, דו מיין חזירל מיטן שוואַרצן אויערל!

מיט דער ליכטיקייט פון מיין ערשטן שניי גריס איך דיך און טראַכט פון דיר און בענק צו דיר, מיין היימלאַנד, מיין דאָרף־שטעטל!

*

עס איז דאָ — אין אַמעריקעלאַנד.
ס'איז ווייסער ווינטער.
איך בין אויפן דאָרף און שעפּ לופט.

ס'איז מענדל ראָזענבאַומס פערמע. ער גיט זיך אָפּ מיט הינער און מיט... זכרונות. מיט די זכרונות גיט ער זיך אַליין אַן עצה. צו די הינער — האָט ער צוגענומען אַ מענטשן. (צו יעדע 300 הינער האָט גאָט באַשאַפן אַ מענטשן, ער זאָל אויף זיי אַכטונג געבן. צו יעדע 40 חזירימלעך האָט גאָט „מיטגע־געבן" אַ מענטש — ער זאָל זיי פיטערן. אַלצדינג אין דער באַטור איז קלוג און שיין פאַרטראַכט).

ס'איז קאַלט און שווער־ווינטערדיק. איך שלאָף ביי אַן

אָפּענעם פֿענסטער. כ׳פֿאַרבעט דעם שניי פֿון דרויסן — אויף מיין קישן אַרויף.

בייטאָג שרייב איך לידער. מענדל — שרייבט זכרונות פֿון זיין „לאַנגאָניקער פֿאַרגאַנגענהייט". איך פֿאַרגעס מיך — אויפֿן פּאַפּיר. ער דערמאָנט זיך. אַלע ווײַלע קומט ער זיך באַראָטן מיט מיר וועגן אַ... יידיש וואָרט. אַמאָל העלף איך אַרויס. אַמאָל פֿיר איך אַראָפּ פֿון וועג. הייס אים שרייבן „זאַווער" אָנשטאָט „זויער", און „טרזווער", אָנשטאָט „טרויער" — ער פֿרעגט מיך, צי „לאַנגאָניקע פֿאַרגאַנגענהייט" איז גוטער יידיש. איך זאָג אים, אַז סע קאָן גאָר בעסער נישט זיין...

קומט צופֿאָרן דר. זשיטלאָווסקי. מיט אַ פֿוטערן היטל די באָרד פֿאַרשניצט, דאָס פּנים שיין און פּינקטלעך, ווי אַן אָראַטאָריע. די אויגן, ווי אַן ערלעך-געטרייע פֿונקטואַציע צו אַ פֿיינער ענגלישער עסיי.

אין דרויסן איז טיפֿער שניי. איך בענק — איך ווייס נישט וווהין. איך שרייב — איך ווייס נישט, וואָס. שלײַאָנדער מיך אַרום גאַנצע טעג איבער פּוסטע פֿעלדער, אָנגעטון אין פֿעלץ און אין שטיוול, ווי אַ פּריץ. און קום צוריק — ווי אַ יעגער, וואָס האָט אַוועקגעוואָרפֿן די ביקס.

דר. זשיטלאָווסקי רעדט טיפֿענישן. מענדל ראָזענבאום דערמאָנט זיך. איך — פֿאַרגעס. אָדער איך זאָג מאָגערע אַפֿאָריזמעלעך — איבערצושרעקן די קאַלטע טעג. „אַ מענטש", זאָג איך, „מוז אַרויפֿקלעטערן אויף אַ הויכן באַרג, כּדי צו זען ווי שיין דער טאָל איז!" (אָדער עפּעס ענלעכס.)

דר. זשיטלאָווסקי פֿאַרטרויט מיר, אַז ער וואָלט מיך געוואָלט פֿאַר אַ שותּף צו זיין איבערזעצונג פֿון ניטשעס „זאַראַטוסטראַ". ער מיינט, אַז מיין שפּראַך איז — —

איך ענטפֿער אים, אַז ערשטנס אַזוי און אַזוי. און צווייטנס: ווי לאַנג, מיינט דער דאָקטאָר, דאַרף אים געדויערן די אַרבעט פֿון איבערזעצן „זאַראַטוסטראַ"?

דר. זשיטלאָווסקי ווישט זיך אָפּ די ריינע באָרד זיינע מיט זיינע איידעלע הענט און זאָגט:

— איך ווייס? אַרום אנדערהאַלבן יאָר? נו, און אײַך נאַדיר?

— מיר? — זאָג איך און כאַפּ ס׳פּעלצל אויף די אַקסלען צו גיין שפּאַצירן. — מיר וואָלט די אַרבעט פון איבערזעצן „זאַראַטוסטראַ" אויך באַדאַרפן נעמען אַרום — צוויי טעג. סיידן איך זאָל מיך צ ו א יי ל ן...

# די באַוועריי

עס קריכן אין די אויגן אַריין קעלערלעך מיט אַלטוואַרג, ציגיינער-געוועלבן, געשעפֿטן פֿון אַלט מעבל, אייזנוואַרג, זשעוועלער, שטויב, פֿוילקייט, צעבראָכנקייט.

אַמאָל אַ יום-טוב טאָג. אויף דער באַוועריי איז בלויז דער שוים פֿון יום-טוב, — ווי אַ טונקל, אָפּגעשטאַנען גלאָז ביר — וואָס דער שוים איז צעגאַנגען, און די ביר-ביטערקייט איז אויסגעוועפּט. נאָר אַ זויערלעכקייט געבליבן.

אַ ברייטע גאַס — אַ רחבותדיקע: צעבראָסטעטע אָרעמקייט, די ברייטקייט פֿון אַ געשענקטן קאַמיזויל, וואָס ליגט ברייט און לעפּיש אויף דעם צעהונגערטן, קוואַרן גוף.

פֿאָר דורך מיט דער „על“-באַן, ווערסטו זען: האָטעלכלעך, שלאָף-קעסטלעך, ברעטער-קובן. דלד אף דלד. פֿאַרשלאָפֿענע, צעשויבערטע מענטשן זיצן איבער צייטונגען און שפּייען און גענעצן...

היינטיקע נייעס, נעכטיקע נייעס, — וואָס איז דער חילוק? די נעכטיקע נייעס איז פּונקט אַזוי גוט, ווי די היינטיקע. בפֿרט די שלעכטע נייעס, — די פֿון איבערגעפֿאָרענע, דערהרגעטע, פֿאַרברענטע. ביי אָט-די נייעס לעבט-אויף ס׳פֿאַרשלאָפֿענע האַרץ. די טרייסט באַמבלט אויפֿן אויער-לעפּל, ווי אַן אויערינגל: ס׳איז נאָך דאָ ערגערס, דאַנקען גאָט, דער אָפּגרונט האָט נאָך עטלעכע טרעפּ אַראָפּ. מיר זענען נישט די נידריקסטע.

וועטער נייעס: „קאַלט און כמאַרנע. קאָן זיין, ס׳עט קומען אַ שניי"...

דער קאַלנער שטעלט זיך אויף. מען בלאָזט אַריין אין די ברוין-און-בלאָע פויסטן, מ׳לאָזט אַראָפ די אויגן-דעקלעך, מען חלומט — פיצלעך חלומות: פעניס קופערנע, נייע...

די אָרעמסטע שלאָפן דריטע קלאַס אין דעם אָרעמען האָטעלכן. מ׳זיצט אויף אַ בענקל, מ׳שפאַרט-אָן די די עלנבויגנס און מ׳שלאָפט. פאַרן רעכטן בענקל-אָנלען איז אַן אייזערנע קייט, וואָס פאַרטשעפעט זיך אין אַנדערן ברעג אָנלען. ביז זייגער זיבן מעגסטו שלאָפן, דערנאָך קומט צו אַ מענטש, גיט דיך אַ ריס-אויף. ביסטו פאַרשלאָפן, אָדער פאַרחלומט. עפנט ער פונאַנדער די קייט, און דו גיסט אַ פאַל מיטן פנים צום דיל — דערזעסטו אַ ברודיק-ווייסלעכע רויטע ליכטיקייט, ווייסטו, אַז ס׳איז שוין פרימאָרגן.

* * *

איך גיי פאַרביי אַ טעאַטערל, — „דער פעני גן-עדן" ס׳איז אַ שמאָל, ברודיק געוועלב, אויסגעשטעלט מיט אַזוינע קעסטלעך, וואָס ווייזן פאַר אַ פעני זנות, פאַר אַ פעני האָפענונג, גיבן פאַר אַ פעני מוזיק, זאָגן פאַר אַ פעני נביאות, לערנען פאַר אַ פעני שיסן אין ברענענדיקע ליכט און זיי אויסלעשן.

צוויי שטייען ביי דער טיר צום „פעני-גן-עדן" — אָפגעשליסענע, באַוואַקסענע, פאַרבראַנפעטע יונגען, וואָס גייען אויפן גלייכן וועג, ווי אויף אַ צעהוידעטן באַרג-אַרויף.

— קום אַריין, דזשים. לאָמיר האָבן „פאַן"!

— אַ׳ל בי דעמד ען סטאַרטשד!? — זאָגט דער אַנדערער און קריכט מיט אַ פוס באַרג-אַרויף, ווי ער אַליין וואָלט געווען לייטער צום הימל.

— נישטאָ דאָ קיין אמתע מיידן!

— בילדער-מיידן איז אויך גוט... משטעקט זיך נישט אָן. און ס׳קאָסט בלויז אַ פעני. קום אַריין, דזשים...

— יעזוס קריסטוס!... כעי, נעם מיך אונטערן אָרעם. וואָס? — איך שלוקצרץ — —

זיי האָבן זיך גענומען איינס ס׳אנדערע „אונטערפירנס" און זענען אריין אינעווייניק. ס׳האָט אויסגעזען, ווי צוויי חוזק-חתנים פירן זיך אונטער איינס ס׳אַנדערע צו עפּעס אַ וויסטער אויסגעטראַכטער חופּה.

✿

פּאַר אַ פּעני.

פּאַר אַ פּעני. גאָט. פּאַר אַ פּעני גליק, פּאַר אַ פּעני טרויער.

דער באַלעבאָס פונם „פּעני-גן-עדן" נעמט יעדן פאַרטאָג צונויף עטלעכע זעק מיט קופּער-שטיקלעך — קאַלטע, פאַברודיקטע גראָשנס, — לייגט זיי אין די קעשענעס: דורכגעטאַפּטע, לאַנג פאַרן אויג געהאַלטענע...

רינען די פּעניס דורך צייל-מאַשין — קומען אַרויס פאַרפּאַקט אין פּעקלעך — פון פּעניס ווערט דאָלאַרן, אפשר הונדערטער.

דער באַלעבאָס פונם „פּעני-גן-עדן" זעצט איבער זיין רייכקייט אויף פּעניס — ער איז אַ גביר, אַ מיליאָנער... פּעני-טויזנטערס זענען שווער צום שלעפּן. רייסט מען זיך איבער — קרעכצט מען... גייט מען אַרום אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן, מ׳קייט טאַבאַק — מ׳שפּייט פון מויל-ווינקל אַריבער ביז אויף דער אַנדערער זייט טראָטואַר און מ׳רופט!

— קום אַריין, ברודערל! דאָס ב י ל י ג ס ט ע גן-עדן אין דער וועלט! קלויבט אייך אויס אייערע מיידן פאַר אַ פּעני און לאָז אייך וויל באַקומען!

איך שטיי און באַטראַכט דעם קאָפּ פון אַ וואַקסענער באַבעצע מיט ברילן און מיט אַ קעצל אויפן אקסל. „פאַר אַ פּעני נביאות. זי לעזט אייער מזל, ווי פון אַ בוך".

איך וואַרף אַריין אַ פּעני, די אויטאָמאַטישע באַבעצע

גיט אַ מאַך מיטן מויל. ס'קעצל גיט זיך אַ ריר. סע פאַלט אַרויס אַ קוויטל. איך לייען איבער:

„איר האָט אַ שטאַרקן כאַראַקטער. גרויס גליק שטייט אויף אייער וועג. הט זיך פאַר אייערע פריינט. ווענדט-אָן אַלע אייערע כוחות אויף איין זאַך. דער ערפאָלג איז געזיכערט. נאָר סע וועט נעמען צייט. די איינע, וואָס איר ליבט, וועט צוריק קומען צו אייך."

פאַר אַ פעני האָפנונג...
ביליק...

*

אַז אַ מענטש האָט זעקס טויזנט דאָלאַר, איז ער רייך. אָבער אַז ער האָט זעקס מיליאָן, איז ער שוין צוריק אָרעם... מיליאָנען באַזיצט מען נישט — מ'ווערט פון זיי באַזעסן.

דאָס רעדל דערגרויסט אַ מענטש, מאַכט אים אַלט, ביטער, טרוקן. אין דעם קופּער-גראָשן איז אידעאַל, דערגרייך-זין, אָפּנאַרעריי...

דער קופּער-גראָשן איז בלויז אַן אָנווינק אויף פאַרמעגן, אַ משל. דאָס גאָלד-שטיקל איז — משיח אַליין, די צעשטערטע האָפנונג, די אָפּגערוקטע לעצטע וואַנט.

ע', דו, פעני-וועכטער פונם פענידיקן גן-עדן! צעבייט מיר אַ זילבער-שטיקל אויף גראָשנס — איך וויל רייך זיין, מיך שפּילן...

*

איך לאָד אָן די ביקס פאַר אַ פעני און שיס אויס, און טרעף נישט. אַלע לאַכן, איך אויך. וואָס מאַכט עס אויס, צי איך טרעף יאָ, צי נישט? דאָ, איז אַלצדינג אַ קאַטאָוועס, אַ פּלומרשט. אַ קינדערשע אילוזיע! ס'איז מער דער קלונג, וואָס סע גיט, ווען די קויל טרעפט, ווי דאָס טרעפן אַליין...

איך בין רייך אָן אַ שיעור — אַ פולע קעשענע מיט עשירות — סע קלינגט און רוישט:

— פּעני דו מיין, פּעני דו מיין, צי ווילסטו מיין וועגווייזער, וועגווייזער זיין?

איך וואַרף אַריין אַ פּעני אין אַזאַ קעסטל, הויבט זיך אָן באַוועגן אַ בילד: אַ מיידל אין אַ וואַנע. אין אַ האַלב העמדל. עמעצער קומט אַריין, עמעצער גייט אַרויס — קוים-קוים צו פֿאַרשטיין, וואָס דאָרט טוט זיך. ווי עפּעס אַ לייכטע, קינדערשע דערמאָנונג, און עפּעס וואָס איז פֿאַרגאַנגען, נאָך איידער ס'איז געקומען, און וואָס סע טוט פּונקט אַזוי ווי, דערפֿאַר וואָס ס'איז נישט געווען, ווי דערפֿאַר וואָס ס'איז אַוועק.

נאָך אַ פּעני: מוזיק. „די שפּראַך פֿון דער נשמה". עפּעס טוט זיך דאָרט אינעווייניק... נישט צום פֿאַרשטיין אַקוראַט וואָס! כ'האַלט די גומי-הערלעך אין די אויערן — שטיי-צוגעבונדן צו דער „צויבער-וועלט פֿון קלאַנגען", און אַלצדינג איז ווייט און נישט-ליכטיק, ווי אין דער איידעלסטער קונסט.

נאָך אַ פּעני; דרוק אָפּ דיין אייגענעם נאָמען אויף אַ שטיקל בלעך. פֿאַרשטייסט וואָס מען רעדט צו דיר, מענטש? דיין אייגענעם נאָמען! דו וועסט זיין טויט, פֿון הונגער אויסגעגאַנגען — ערגעץ איבערגעפֿאָרן, דערפֿרוירן, אין ים דערטרונקען — אָבער דאָס בלעכל מיט דיין נאָמען וועט בלייבן און רעדן פֿאַר דיר, דערציילן פֿון דיר; „דזשים סמיט, דזשים סמיט!" דו הערסט די אייביקייטן רוישן? די ווייטסטע דורות טראָגן דיין נאָמען אויף די ליפּן, דזשים סמיט. פֿאַר אַ פּעני, פֿאַר אַ פּעני.

פֿאַרגין דיר דאָס פֿאַרגעניגן, דזשים סמיט! דער טויט איז לאַנג, זייער לאַנג... און ס'לעבן איז — אַ הינטיש לעבן... דזשים סמיט, דזשים סמיט, דו מוזסט לעבן אייביק! זשאַלעווע נישט די פּעני, דזשים סמיט!

דאָס מאַשינדל, וואָס דרוקט די נעמען אויף די בלעכלעך, אַרבעט שווער, דאָס —שיב-רעדל, וואָס שטעלט-אָן די אותיות, דרייט זיך ווי אַ לאָטעריי... עס פֿאַלן אַרויס בלעכלעך, בלעכלעך נעמען, נעמען, אייביקייטן, אייביקייטן...

— דו! לאָז מיך צו! איך וואַרט לענגער פֿון דיר!

— דו ווייסט דען ווי אויסצולייגן דיין נאָמען?

— מ יי ן נאָמען?...

דער פּאַרוואָרלאָזטער שטעלט אויף דעם אָפּגעריבענעם קאָלנער פון זיין כאַליערעדיק-גרינעם פראַק, טרייסלט אָפּ די באַטאַשמעטע אַרבל, גיט אַ שלוקערץ, ציט זיך אויס אין זיין גאַנצער דאַרער הויכקייט און זאָגט דראַמאַטיש:

— מ יי ן נאָמען? — יעווהאָפּ — מיין נאָמען האָט אַמאָל געקלונגען איבער אַ האַלבע וועלט — יעווהאָפּ. אַ שוישפּילער געווען — אַזוי זאָל מיר גאָט העלפן... אין די גרעסטע טעאַטערס געשפּילט. מיין נאָמען כע, כע! מיין נאָמען איז פאַרשריבן מיט גאָלד, — היק — אין דער געשיכטע פון לאָנדאָנער טעאַטער—היק

ער האָט זיך אַ לאָז געטון צום שיב-רעדל, אָבער עמעצער האָט אים אונטערגעשטעלט אַ פוס, און ער איז געפאַלן...

די געסט פון „פּעני-גן-עדן" האָבן זיך צעלאַכט מיט אַ קינדעריש געלעכטער — פאַר אַ פּעני.

אָבער דער פּאַרוואָרלאָזטער איז געלעגן אויף דרערד און געגאָסן מיט טרערן.

אויך דער „פּעני-גן-עדן" האָט אַפּנים זיין שלאַנג, וואָס איז גורם, אַז דאָס שוואַכע אָדם-קינד זאָל פאַלן און — וויינען...

# שבועות אין מיין היימלאַנד

איך רוף זיי אַרויס אין מיר — די מעלאָ-פאַרביקע פיגורן, פונם פאַרגאַנגענעם לעבן, פון אַ פאַרגאַנגענער וועלט. ווי פון אַ מעשה-ביכל אַרויס, קומען זיי צוגיין. גרויסע קלאָמפּנס שאָטנס, אָנגעדונגענע בערג. צערונענע שטיינער, פאַרפרוירענע ווינטן.

ס'איז נעכטן, ס'איז שבועות-צייט אין מיין היימלאַנד. די גרויסע מאַי-בלעטער פון די ביימער אין גלחס גאָרטן שעלעשטשען און גלעטן די אויגן, ווי אַ גרינגע, געטרייע האַנט, וואָס מ'קאָן איר געטרויען.

דאָס שטעטל איז מיט לאַנגע זון-ליניעס פאַרוואָרפן. די לאַנגע ליכטיקייט גנבעט זיך אַריין אומעטום, ווו אַ שפּאַרע איז אָפן, די שאָטנס זענען קיל און דופּטיק. און עפּעס אויך פון אַן אַנדער פאַרב — זומערדיק-טונקל, בלוילעך-שוואַרץ. אַנדערע שאָטנס זענען ווי פעטע פינסטערנישן, אָבער די איצטיקע שאָטנס זענען בלויז איבערגאַנגען, מיטנדרינענס, צווישן יאָ-און-ניינס.

*

די ליים-בערג אַרום שטעטל זענען פאַרחידושט פון זיך אַליין, דערקענען זיך נישט. אַן אַנדערש מאָל דאַכט זיך, אַז די בערג זענען אַזוי שווער, אַז ס'האַרץ ווערט דערפון צעשראָקן,

אָבער איצט דאַכט זיך, אַז די ליים-בערג זענען פון גלימצערדיקער, האַרטער זויערמילך, עפּעס אַזוינס, וואָס איז גרינג און שיין און — מ׳קאָן עס אויף רינגלעך צענעמען, אויף פּלאַסטן צערוקן, ווי גרויסע צוקער-ווערפלעך, וואָס מ׳האָט דערפון אַ צוקער-חלום אויפגעבויט פאַר קינדער.

*

...זאָל דורכגיין די פּראָצעסיע פון יענע מעלאָפּאַרביקע מענטשן, וואָס האָבן אין מיין שטעטל געלעבט! — די גוילמלעך מיט די ברייטע קאַפּעליושן, וואָס פאָרן אין פעלד אַריין אויף דעם לאַנגן וואָגן פון דראַבינע-לייטערס, אַ געזאַנג פאָרט-נאָך מיטן שטויב, אַ טרויעריק-זיסע פייפל-מוזיק בלייבט הענגען איבערן מאַרק נאָך זייער אַוועקפאָרן. דאָס פייפל-שפּיל קייקלט זיך אויף די דעכער אַרויף, אויף די פענסטער-געזימסן, לאָזט זיך צום טאָל אַראָפּ, ווו דאָס גרינלעכע וואַסער רינט אַרויס פון אַ געשפּאָלטענעם פעלז און רינט אַריין אין פרישן טייך — ס׳איז, ווי עמעצער וואָלט מיט אַ מעסער צעפּעס גאָר אַ טייערע זאַך אויסגעשניצט פון הוילער לופט, און עס צווישן הימל-און-שטיבער אויפגעהאָנגען. די ליק פאַרבולט, די גערטנער באַוואָרפן.

יונגע ווינטלעך קומען פון דער גרינער פאַשע שווער און זאַט און פויל. זיי לייגן זיך אינאיינעם מיט די סאַמעטענע ביקלעך און לאָשעקעס אויף דעם נידריקן באַרג-צופוסנס, וואָס קלינגט שטיל אין זיך אַריין אַ טיפע הנאה פון דער וועלט, פון די גאָלדענע מינוטלעך, וואָס היפּצן אַרום אויף די רענדל-דיקע בלעטער-פלעקן.

אין מיטן-מאַרק, וואָס איז איצט ליידיק, און שמעקט ווי אַ וואַלד, שטייט אַ „קאַרפּאַטניק", אַ באַרג-מענטש פון די קאַרפּאַטן. ער איז אַ האָלץ-טאָקער, גייט ער אָנגעטון אין זיין באַרג-קאָסטיום — לעדערנע האַלבע הויזן, אַ געשנירטן קאַמיזויל, אַ הוט מיט אַ פעדער. ער טראָגט אויף זיך די אַלע שיינע האָלצזאַכן: ליולקעס, שטעקנס, ציגאַרשפּיצן, גאָלד-טעשלעך,

בייטשן, מאַנדל־קעסטלעך. יידישע יינגלעך רינגלען אַרום דעם „קאַרפּאַטניק", פרעגן וויפל ס׳קאָסט. טאַפּן־אָן ס׳געשניצטע האָלץ, וואָס איז אויסגעהאָנגען אויף דעם „גייענדיקן געוועלב", פרעגן ווי טייער סע קאָסט; אַ פּיצווינקל מיט לאַכעדיקע אויגן, ווי צעעפנטע האָזענע־ניס, הייסט זיך געבן די לענגסטע ליולקע, שטעלט זיך אַרויף אויף אַ שטיין, נעמט דעם ציבוק אין מויל אַריין, מאַכט „תּקיעה" און וואַרפט אַוועק די ליולקע און אַנטלויפט. דער קאַרפּאַטניק לויפט אים נאָך, אָבער ער קאָן אים נישט כאַפּן, ווייל ער קאָן זיך נישט איינבויגן. די האָלצזאַכן זענען אויף אים ווי אַ פּאַנצער, מיט ווייניק גלידער־קייטלעך.

די קינדער צעלויפן זיך מיט אַ געקוויטש, שטייען פון דער ווייטן און קוקן, ווי דער קאַרפּאַטניק מוטשעט זיך אויפצוהייבן פון דר׳ערד די ליולקע, און לאַכן, און וואַרפן אויף אים גרינע האַרטע פלוימען, וואָס זענען נאָך דערווייל נישט גרעסער ווי קאַרשן.

ערגעץ עפנט זיך אַ רונד „קוקערל" פון אַ לאַנג פענסטער — דער שטאָטישער גביר גענעצט אַרויס זיין פאַרשפּעטיקטן גוט־מאָרגן. זון זאָגט „אַ געזונטער אויפשטאַנד אויף אייך, ר׳ גביר לעבן". און אַ שוואַלב מאָלט שוואַרצע פיילן אין דער לופטן, צעברעכט זיי, פליט העכער און נידריקער פון אירע אָנגעצייכנטע ציקלען, שטעלט זיך אויפן ברעג קלויז־דאַך, דערלאַנגט אַ שטיקל בלאָטע אין אַ יונג שוואַלבן־פּיסקל, וואָס שטעקט זיך פון אַ נעסט אַרויס. פליט ווייטער — אַרום זיך אַליין, ווי זי וואָלט זיך וועלן אַרומבויען פון אַלע זייטן מיט איר אייגענער לופט־שינע, ווי זי וואָלט אַרומוויקלען אַרום זיך די גאַנצע ציטערדיקע לופט, דעם גאַנצן גאָלד־ציטערדיקן איצטער.

אין דער גויישער אונטערגאַס איז גריז און טונקלעך און עפּעס ווי פייכט און פעלדיש. די גויישע גאַס איז הינטערן באַרג — שמעקט דאָרט שטענדיק רעגן און בליענדיקע פּאַסאָליעס און קאָרנשטרוי. אַ ברייטע, שאָקלדיקע חזירטע, מיט אַ סך ציצל־שפּיצלעך אונטער זיך, גייט אַרום און ברומט עפּעס

פון גרויס תענוג, צו זיך אין האַלז אַריין. די גאָזלעכער זעגעצן ווי די אויגן, סע דאַכט זיך אויס: די חזירטע האָט פיר קליינע אויגעלעך: דורך צוויי זעט זי, דורך צוויי מאַכט זי „קרי-קרי".

אַ געפלאָכטן טירל פון אַ פלויט איז צוגעבונדן מיט אַ קאָרע-שטריקל. סע וויל אומפאַלן, סע שטאַרבט, נאָר דאָס קאָרע-שטריקל דערלאָזט נישט. דאָס טירל איז אין כעס. ציט זיך אויס, ווי ווייט סע קען, בויגט זיך נידריקער, נידריקער — עס רוט נישט. היינט-מאָרגן, וועט עס אויספירן זיינס, און געבן אַ פאַל, און זיך אָפרוען. — —

אינווייניק אין דעם ליים-געקלעפטן שטיבל פונם רייכן חזיר-הענדלער פערקע איז אַ געשמאַקע דושנעקייט, אַ זיסער טשאַד פון פאַרגאָסענעם פעטס. אַ חברה חזיר-שלעגער מיט וואָנסעס, ווי באַרשטן טרינקען טיי, שוויצן, ווישן זיך מיט שטיקער רויטן לייוונט, וואָס זיי האַלטן אויף די אַקסלען, ווי האַנטיכער. איינער אַן אַלטינקער, מיט געפויגלטע צוויי האַלבע בלאָנד-ווייסע בערד, האָט שוין אָפגעטרונקען, האָט ער איבערגעקערט ס'גלאָז מיטן דנאָ אַרויף, אַרויפגעלייגט פון אויבן אַ שטיקל צוקער, פאַר אַ סימן, אַז ער וויל שוין מער נישט. סע שלאָגט אים צום האַרצן אַן אָנגענעמע נודנעקייט. ער וויל אויסשפייען. זוכט ער אַן אָרט. צילט אַריבער איבערן טיש. איבער אַלע „געסט" — טרעפט אויפן האָן, וואָס שטייט צוגעבונדן, יענער וויל געבן אַ קריי, און איז זיך מישב אינמיטנדרינען און גיט אַ גאָגער, ווי אַ הון. די פויערימלעך לאַכן, פאַטשן זיך איינס ס'אַנדערע איבער די אָפגעזיגטע לאַ ג-האָריקע קעפ, ווי מיט פּראַלניקעס, דערנאָך הערט זיך עפּעס אַ מענטשלעכע מוזיק, וואָס ס'איז נישט שיין צו באַשרייבן.

*

ס'איז צוויי וואָכן נאָך שבועות.

דער טאָג איז ווי אַ גאָלדענער פלאַסטער אויף אַן אומ-

רייניקם קאָפּ. דער פאַרנאַכט קומט מיט גרויסע טונקעלע גרינ־בלעטער און וויקלט איין דאָס שטעטל, ווי אַ וואַקסנדיק קעפל קרויט וויקלט איין אַ וואָרעם, דערציט אים פאַר זיך — אַ שונא אין אייגענעם האַרץ.

די אָרעמקייט האָט נישט ליב די גרינקייט, די גרינג־קייט. —

אין רעגנדיקע טעג לעבן אויף אַלע שטעטלדיקע מענטשן, ס'איז עפּעס, ווי אַ קראַנקער דערזעט אַ קראַנקן, דער מיאוסער אָפּגעשליסענער דרויסן איז מער „היימישער־מענטש", ווי דער שיינער פּראַנט אין אויסגעפּוצטן גרינס.

לעבן שעיה שוסטערס שטיבל וואַקסן זון־בלומען, מיט שוואַרצע אייגעלעך. דרייען זיך אויף די אייגעלעך בינען. דינע, זיידענע בינען־פליגלען וואָיעווען אַרום די שוואַרצע בלומען־אייגעלעך, ווילן דעם האָניק אַרויסנאַשן, אָדער — אפשר ווילן זיי אין די האַלב־צייטיקע בלומענאייגעלעך זייער ליב־געזאַנג אַריינזינגען?

ס'איז צוויי וואָכן נאָך שבועות.

אַ גרינע זאַטקייט פאַרמאַטערט די אָרעמע מענטשן, עך, ווען סע זאָל זיין שווייס! ווען סע זאָל זיין היץ! ווען ס'זאָל זיין טשאַד!

ניכטערהייט, אין מיטנדרינען עפּעס אַ טאָג, וואָס איז ווי יום טוב, און זינגען האָט מען נישט וואָס, און שמייכלען שעמט מען זיך, און אַרויסגיין שפּאַצירן פּאַסט נישט איין, ווי סע פּאַסט נישט איין אַ בלינדן פויגל אַרויסצעפליען פון זיין טעמנער נעסט. פון שניידער־געסל קומט אַרויס עליע דער קייזערלעכער שניידער, („דער קייזערלעכער" רופט מען אום דערפאַר, וואָס ער האָט אַמאָל גענייט אַ ראָק פאַרן זשאַנדאַר) ער איז אַ דין מענטשל, מיט אַ בערדל, ווי פון ווייסן שוים. און אַ פּנים־הויט פון אַ פיש, און אויגן — ווי קנעפּלעך — אַן אויסטערליש מענטשל, וואָס היפּערט ביים גיין, ווייל ער איז צו גרינג, און ער האָט נישט אין זיך קיין געוויכט. ער שמייכלט שטענדיק מיט אַרבעסדיקע

צײַן. דער „קײזערלעכער שנײַדער‟ איז געבעטן שוואַך אויף עברי, און אויף ציפערן איז ער שטענדיק אין אַ פאַרלעגנהייט. אָבער ער שעמט זיך אויסצוזאָגן דעם אמת. דערפאַר פרעגט ער קײנמאָל נישט: „וויפל האַלט בײַ מיר דער זײגער?‟ (ער האָט אַן אײגענעם טעשל-זײגער, מיט אַ שלײסעלע, וואָס הענגט אויפן קײטל) נאָר ער נעמט אַרויס דעם זײגער, גיט אַ קנאַק-אויף די קופּערטע און זאָגט:

— אַ נו, גיט נאָר אַ קוק, איך בעט אײַך, ווי גוט מײַן זײגער גײט... אַ יאָ ער גײט גוט, האַ? וויפל האַלט ער?

אַן אַנדערש מאָל דאַרף דער „קײזערלעכער שנײַדער‟ עפּעס צונויפרעכענען און ער קען נישט, אָבער ער שעמט זיך אויסצוזאָגן, פרעגט ער נישט „וויפל איז 7 מאָל 8?‟ נאָר:

— זאָגט מיר, איך בעט אײַך, איר זאָלט מיר לאַנג לעבן, וויפל איז די לעצטע צײַט זיבן מאָל אַכט? כ'האָב שוין לאַנג נישט אַרײַנגעקוקט אין אַ בלאַט-צײַטונג... — און די קנעפּל-אויגן לאַכן, און דאָס שוים-ווײַס בערדל ציטערט, ווי סע וואָלט געוואָלט צערונען ווערן, און די קנײטשן אויף דער פיש-הויט אויפן צעטרוקנטן, קלײנעם פּנימל, זענען ווי אַ באַהעלטעניש פאַר די אַלע זוניקע, האַרציקע, דריבנע געלעכטערלעך זײַנע, וואָס זענען אַזוי קלײן און שײן און אומזיניק, ווי דאָס לעבן אין אונזער שטעטל.

ווו די לײמוואַסערן רינען

ווו די האָפּן וואַקסן,

ווו מײַנע חלומות האָבן אָפּגעבליט.

# מיין טעגלעך געבעט

איך וואָלט געוואָלט זען מיינע ווערטער געדרוקט אויף גוטן, דיקן קרעם-פאַרביקן פּאַפּיר און מיט אַזאַ שריפט, ווי אין די אַלטע משניותן.

איך וואָלט געוואָלט האָבן אַ גוט בעט (איך האָב נאָך נישט אויסגעטראַכט וואָסערס!) און עמעצער זאָל ליגן מיט מיר, און איך זאָל דיקטירן מיינע ראָמאַנצן פרישערהייט און נישט דאַרפן אַליין אויפשרייבן.

איך וואָלט געוואָלט באַהענגען מיין בעט מיט אַ חופּה-דאַך, און צוויי קליינע יונגעלעך זאָלן שטיין ביים אַראָפּ-געלאָזטן פאָרהאַנג און קריטיקירן מיינע לידער שטילערהייט.

איך וואָלט געוואָלט קאָנען אַביסל צייכענען, שרייבן אַזוי — ווי די, וואָס ווילן מיר נאָכמאַכן און קאָנען נישט, און אַביסל שפּילן אויף אַן אינסטרומענט — כאָטש אויף אַ צאָן-פעדער, אָדער אַ קווינקווילאַן.

(קליינע קעצלעך האָט מיך שוין קאטלער אויסגעלערנט צייכענען: איך מאַך צומערשט אַ רינגעלע, דערנאָך שליס-איך-צו אַ גרעסער, לענגלעך רינגעלע — אַן אָוואַל, דערנאָך טשעפּע-איך-צו אָט-דעם אונטערשטן סוף-אָוואַל, פון רעכטס צו לינקס, אַ סטענגעדיק שטרעכעלע, דערנאָך מאַך איך אויבן צוויי אויערלעך, און פיר אַרויס אין עטלעכע שמיר-שטריכן אַ פּאָר וואָנסעס, ווערט עס אַ זיצענדיק קעצל — כמעט.)

שרייבן וואָלט איך צום ליבסטן געשריבן פאַרשעמטע ווערטער, וואָס זאָלן זיך אַליין צוהאַלטן די אויגן, ווערטער, וואָס מ'זאָל זיך נישט דאַרפן אָנשטרענגען נישט-צו-פאַרשטיין, ווערטער נישט ווי מוזיק, נאָר ווי איבערגעשניטענע פידל-העלזער אַליין, ווי שלאָפנדיקע וויאָלינטשעלאָס, וואָס קאָנען די נאַכט נישט איבערלעבן.

און שפּילן וואָלט איך געשפּילט דאָס לאַנג-פאַרקלונגענע רוטעניש-אוקראַיניש ליד, וואָס פּאַסטוכער זינגען אין מיין שטעטל, ווען זיי גייען הינטערן שטויב פון זייער טשערעדע, פאַרנאַכט, ווען דער קנויט פון דער זון גייט אויס, און די גרייפּלעך-פעלדער טראָגן בינטלעך ווייסקייט קעגן נאַכט-געדאַכט.

(אַך, ווי מיין האַרץ באַגאַרישט זיך, ווען עס הערט דעם „הוידאַ-דונאַ-דיינאַם!")

איך וואָלט געוואָלט, אַז איך זאָל האָבן כח אַרומצוגיין מיט אַ שמאַטקעלע אין דער האַנט, און מיט דעם-אָ שמאַטקעלע אָפּווישן די טרערן פון דער גאַנצער וועלט.

איך וואָלט געוואָלט פרעמדע מענטשן זאָלן צו מיר קיינמאָל נישט רעדן פער „דו", און אַז אייגענע מענטשן זאָלן מיר קיינמאָל נישט שוואַך מאַכן די אָדערן מיט זייער איבער-טריבענעם דרך-ארץ.

איך וואָלט געוואָלט קאָנען נישט-ליב האָבן די פרויען, און נישט דאַרפן שעמען-זיך, אַז דאָס וועט באַטייטן, אַז איך האָב קיין מזל נישט — ביי די פרויען.

איך וואָלט געוואָלט צעברעכן די לוחות, זיך צעבלוטיקן די הענט און איבערלאָזן בלויז דעם „אָנכי" און דערנאָך דאָס בלוט אָפּווישן אויף אָט-דעם ערשטן און איינציקן וואָרט.

איך וואָלט געוואָלט זיין אַ בעלמע אויפן גאַנצן אויג פון אַן אַלטן דענקער, און גורם זיין, אַז ער זאָל פאַרוואַרפן דעם הענג-שטריק אויף זיין אייגענעם האַלז.

אזך וואָלט געוואָלט האָבן גענוג געלט, אַרומצופאָרן מיט אַ קעסטל שויבן איבער אַלע דערפער און העקן, און ווו עס

פעלט ערגעץ אַ שויב, זאָל איך זי אַריינשטעלן שטילערהייט, בעת די הויז-מענטשן זענען נישטאָ אין שטוב.

איך וואָלט געוואָלט זיין אַ גאָט, און אַמאָל אָפּשטעלן אַלע רינענדיקע וואַסערן אין סאַמע מיטן, ווען זיי פליסן אַזוי באַרג-אַראָפּ און לאָזן הערשן דאָס געזעץ פון גראַוויטאַציע בלויז פאַר די לינקע פיס... די רעכטע פיס זאָלן צוגעצויגן ווערן בלויז אַזוי נידריק, אַז מ׳זאָל קענען גיין און הינקען.

(אַ וווּנדערלעך שפּעקטאַקל פון אַ וועלט ווו אַלע הינקען אויפן גלייכן וועג!)

איך וואָלט געוואָלט איינפירן איינמאָל אַ וואָך אַ באַשטימטן שטאַרב-טאָג. לאָמיר זאָגן דאָנערשטיק. קיין שום אַנדערן טאָג זאָל קיין מענטש נישט שטאַרבן, אַזוי אַז דאָנערשטיק זאָלן ביי אַלע בן-אָדמלעך ציטערן די הערצער און מ׳זאָל מורא האָבן אַרויסצוגיין אין גאַס.

*

איך וואָלט נישט געוואָלט זיין קיין פירער ביי מענטשן צוליב צוויי טעמים: ענטוועדער זיי האָבן עס נישט די ווערט, אָדער — איך...

איך וואָלט נישט געוואָלט, אַז מיין „בראָנזענער מאָנומענט" זאָל שטיין אַזוי נידריק, אַז יונגעלייטלעך זאָלן קענען אָנרייבן שוועבעלעך אָן מיינע אויגן, אָדער מיידלעך זאָלן קענען אָנטון אויף מיין קאָפּ זייערע היטעלעך — בעת זיי מאַכן זיך צורעכט די טואַלעטן.

איך וואָלט נישט געוואָלט מ׳זאָל אויף מיר שטענדיק פרעגן, צי ס׳איז טאַקע אמת, אַז איך בין אַזאַ ציניקער, ווי איך ווייז מיך אַרויס אין מיינע שריפטן. און איך וואָלט אויך נישט געוואָלט מען זאָל מיר געבן עצות, ווי אַזוי צו זיין באַליבט ביי אַלע קלאַסן מענטשן.

כ׳וואָלט נישט געוואָלט די וועלט זאָל וויסן, אַז איך אַליין ווער אָפּט רויט, ווען איך הער מיאוסע רייד, און אַז איך וויין אָפּט ביי געבילן אין טעאַטער. — (ווי פיינט איך האָב אָנגע-

פאַרבטע ווונדן! און ווי איך האָב פיינט איידעלע ווערטער אין אַ... שפּיטאָל!)

איך וואָלט נישט געוואָלט, אַז מיינע ביאָגראַפן זאָלן זיך אָפּשטעלן אויף מיינע קראַוואַטן און לוילקעס מצר, ווי אויף... מיין מאַמעס זיידן טיכל, וואָס ליגט ביי מיר אין קופּערט, צישן אַלע געהייליקטע זאַכן, איינגעוויקלט אין דינעם פּאַפּיראָס-פּאַפּיר, און באַדעקט מיט נאַפטאַלין-שטויב.

איך וואָלט נישט געוואָלט, אַז מיין פעטער איציקס שווערד, וואָס הענגט בא מיר אויף דער וואַנט, זאָל גענוצט ווערן אויף עפּעס אַנדערש, ווי אויף צו עפענען די בריוו, וואָס איך קלייב־איבערלאָזן פאַר יענע, וואָס האָבן קיין ברויט און קיין ליבע נישט.

איך וואָלט נישט געוואָלט, אַז דאָס גאַנצע שלעכטס זאָל אויסגעראַמט ווערן פון דער וועלט, און אַז מיין גראַציעזע שנאה צו אַל־דאָס־שלעכטס זאָל פאַרלירן איר ליטעראַרישן ווערט. —

# דערווייל בין איך אין אַמעריקע־לאַנד

איך זע מיך שוין ווידער אין מיין היימשטעטל. — איך באָד מיך אין דער „ריקע“ און גיי שפּאַצירן איבערן ווינער־וועג, — אַן „אַמעריקאַנעק“, מיט געפּוצטע שיך, אין גאַליצישע בלאָטעס, אין טעלדשטויבן.

„איציקל, דאָס ביסטו?“ „דאָס בין איך“. „אַזש הער־העט פון אַמעריקע געקומען?“ „יע, פון אַמעריקע“. „איז טאַקע אמת וואָס מען זאָגט, אַז —?“ „אמת, פאַרוואָס זאָל עס נישט זיין אמת“. און איך גיי איבער די גאַסן, ווו שטילקייטן רוען־זיך־אויס פון גאָרנישט טון. דאָס בית־עולמל ליגט נאָך אַלץ אויבן אין קאַסטן־פּלויט, ווינקט אַראָפּ, שרעקט־איבער: „דאַווענען איציקל!“ „איך דאַוון דען נישט?“ „מיט די ליפּן זאָלסטו דאַווענען, ווי אַלע יידן: און מיט תפילין אויף שטערן־און־אָרעם, געדענק, וואָס איך זאָג דיר“.

*

דערווייל בין איך אין אַמעריקע־לאַנד. גרייט מיך צו צו דער רייזע מיט אַלע קלייניקייטן — די גרויסעקייטן פאַרגעס איך, האָב קיין צייט פאַר זיי נישט.

דערווייל גייען די פיס אויף בראָדוויי, אין דער ליכטיקער נעסט פון מענטשן־מערזשקעס. איך לייען די היגע בלעטער, הער דאָס לוסטיקע געשריי פון די אומגליק־צעפויקער — לייען מיך־אָן ביז צום האַלז, ביז צום ברעכן.

דערווייל איז בראָדוועי און אַמעריקע —ביידע אַזוינע מיאוסע ריזן, אַזוינע צעקוועטשנדיקע פּיס, וואָס זוכן שטענדיק אַ לייטיש פּנים.

פאַרלוירן, פאַרלוירן איז דאָ דער מענטש — האָט קיין ווערט נישט — ווי אַביסל רויך, ווי אַ שטיקל שטרוי.

נעכטן בין איך געווען אויף אַ „קאַר", וואָס האָט אַ מענטשן איבערגעפאָרן. אַ קנאַק און אַ געשריי — ניין, נישט קיין געשריי, נאָר אַ געברום, ווי פון אַ זשאַבע. אַ צעקוועטשטער, לאַנגער מענטש אויף דרערד — זיין בלוט גייט אויס. אָנרירן אים קאָן מען נישט, ביז דער אַמבולאַנץ קומט, דאָס געזעץ לאָזט נישט — כ'איז וויכטיק צו וויסן אַקוראַט, אין וועלכער פּאָזיציע ער איז געלעגן בעת דאָס אומגליק האָט פּאַסירט, — דאָס איז נויטיק, כדי צו קאָנען דאָס אומגליק איבערזעצן אויף געלט, אויף געלט.

דערנאָך האָט אַ גרוי געוויינט, געקוויטשעט, געשריגן „וווּ איז זיין האַנט!" — מ'האָט איר די אָפּגעריסענע האַנט דערלאַנגט, האָט דעם דימענט אָראָפּגעצויגן, זיך אַביסל באַרויקט.

*

אַמעריקע, די גרויסער ווונדער, אין וועלכן יעדער קלענערער ווונדער ווערט פאַרלוירן...

די לאַנד פון קאָלאָסאַליטעט! די לאַנד, ווו די גרויסקייט פאַרשטעלט די שיינקייט, די ווירדע... ווו יעדע הויכע געביידע פאַרשטעלט יעדע אַנדערע הויכע געביידע. דער אַרכיטעקט זאָרגט דאָ נישט פאַרן פּערספּעקטיוו, פאַר אַ פריי גלאַנץ, פון וואַנעט אויס מ'זאָל קאָנען זען די גרויסקייט, ווייל נישט פאַר דיין אויג איז די ווונדערגרויסקייט באַשאַפן, נישט פאַר דיין אויער איז די באַלאַדע פון שטאָל און שטיין אויסגערעכנט — נאָר פאַר זיך אַליין. די נויט שלעפּט די ווונדער פון דער ערד אַרויס. שלעפּט זי העכער, העכער... דאָס איז נישט קיין וואַקסן, נאָר אַן אַרויספעדרציטערן... אַ פאַרגליווערטקייט פון לאַווע, וואָס איז אינמיטן אַרויסגוס צום

קאַלטן נס געוואָרן. און ערגעץ איז דאָך אַ טאָן פּאַראַן — אַ קליינער, שטילער טאָן, וואָס וואָלט די גרעסטע געביידע גע־קאָנט אַ וויג טאָן, אומוואַרפן, מען דאַרף נאָר וויסן גענוי די קאָמבינאַציע און די רגע און די לופט־מאָס, און דעם פּונקט — פון וואַנעט אויס אַ ריר צו טון דאָס קאַלטע וווּנדער אין שטיין. — און דאָס ווייסט דערווייל קיינער נישט.

גאָט צו דאַנק.

*

ווי גרויס איך בין וועל איך ליגן צעשטרעקט אויף דער ערד פון מיין היימיש שטעטל און די ערד־לופט אָטעמען. ווי איינער, וואָס איז טויט־הונגעריק נאָך לופט, ווי איינער וואָס איז צוואַנציק יאָר תּפיסה אָפּגעזעסן.

מיין היים! מיין היים!

ווייט פון בראָדוויי און פון קונסט וועל איך די ערד קושן — אפשר... (צי נישט)? דאָרטן וועל איך זיצן אויפן ליכטנדיקן באַרג פון מיינע יונגע יאָרן און הערן דעם שלי־מאַק זינגען און די שאָף — גאָט בעטן...

„שיינע, קליינע וועלט", וועל איך טראַכטן מיט אַ גרויס־שטאָטישער פּראַזע, און מיינע באָרוועסע פיס וועלן זיך דער־טרינקען אין זון, און דאָס האַרץ וועט שמייכלען. און די אויגן וועלן זיין פול מיט טעג, וואָס ליגן פאַראויס, פאַראויס, פאַראויס— (אויף מיין פאַרלוירענעם ווינער וועג).

„נישט אַ גרויסע געביידע איז אַ קונסט צו באַשאַפן", וועל איך זאָגן צו זיך אַליין, „נאָר אַ שטרוי. נישט אַ קאַ־טעדראַלע איז אַ קונסט צו מאַכן, נאָר אַ קערנדל ווייץ".

און פאַראויס פאַר מיר וועט ליגן דאָס שטעטל, מיין היים, מיין ליכטיקע, קליינע, שטילע, אָפּגערוטע וועלט, וואָס די צייט האָט אַביסל פאַרווישט און פאַרנעפּלט, און פאַרוויטערט, און — ליבער געמאַכט און נענטער געמאַכט.

(אָ, טורטשע, מיין ליבלעבן!)

*

דערווייל: צייטונגען און טעאַטערס און רעסטאָראַנען אין לעקציעס. פּרויען און קונסט און קאַווע. געזאַנג און איידלקייט און — שוים...

איך בין אויף מיין אָטאָמאַנע צעצויגן — רוענדיק. רו מיט מיר, אָ שטאָט!

רו מיט מיר!

שוויַיג מיט מיר!

מאַך דיין אומרויִק מויל צו, אָ, דו נייאַמשטערדאַם! פאַרשטאָפּ דיין יונג, דאַמפּיק לייב פון אַלע זייטן. דיין געזונט-אָטעם איז מיר שווער, דיינע באַדערפעניש — דערשרעקן מיינע.

שטאָט אין אונטערשטאָט. — אויף יעדן שריט, אונטערשריט, לויפט דיר נאָך דיין אָפּפאַל, רינט אין קאַנאַל, אויף אַלע גאַס-ברעגן.

אָדער טראָגן — בלוט און בלאָטע, גאָלד און — שמוץ.

אָ, דו מיאוס ווונדער, דו ניו-יאָרק! ווי דערהויבן דו ביסט אין דיין רוישיקן קלאַפּ-שכל!

ווי גרויספאַרטיק איז דיין אומזין! ווי זוניק עס איז, וואָס דער טויזנט-פוסיקער מאָנסטער איז זיך נישט באַוווּסט פון אַלע זיינע טויזנט פיס, אַ נישט וואָלט ער זיך נישט געקאָנט באַוועגן.

גליקלעכער גולם, וואָס דאַרף ערשט באַשאַפן זיין... באַשעפער.

*

אויף דער אָטאָמאַנע ליג איך, מיט דער שטאָט איבער מיינע פּלייצעס, ווי אַ סאַקראָפאַג, אַ זינגענדיקער, (וואָס זיין מעטאַל זינגט).

איך לייען: 65 יאָר, אַז אַ גאָלדגרובן ברענט פון אַ פונק, וואָס צמיצער האָט צהין אַריינגעוואָרפן (מיט איל·סטראַציעס...)

איך טראַכט: פאַרוואָס מאַכן נישט אַלע שטיינער די מיילער אויף און בלייבן נישט פאַרגאַפט איבערן וווּנדער פון דעם מענטשנס לעבן, וואָס ברענט זינט מען האָט אַהין אַ פונק אַריינגעוואָרפן. — איבער אַ גאַנצע וועלט, וואָס ברענט, זינט מען האָט אין איר אַ פונק אַריינגעשליידערט?

*

די וווּנדער פון דעם מוראדיקן נס, וואָס געשעט שטיק-לעכווייז, ווייל עס האָט מורא פאַר זיין אייגענער איבער-שרעקנדיקער גרויסקייט!

אָ, מיין ניו-יאָרק! ווי פאַרגין איך דיר נישט, אין פאַר-אויס, דאָס ביסל בענקען, וואָס איך וועל בענקען נאָך דיר!

*

דאָ זיץ איך און דאָרט חלום איך.

און ווי גרויס איך בין, ליג איך צעצויגן אויפן וויגנער וועג, לעבן דעם קאַלטן ברונען, אין שאָטן פון לייבטשע פיסעסערס גרויס-בלעטערדיקע קאַשטנבוימער, און — דאָס האַרץ איז פול מיט דעם שטילן ליד פון... צופיל פאַרשוויגענע פידלען.

## אָט אַזוי איז עס

מײַן לעבן.
אָט־אַזוי איז עס.
ווי דער אומרו פֿון אַ זייגער, וואָס גייט אַהער־און־אַהין,
און בלייבט אויף אַן אָרט.
כּדי די ווייזערס זאָלן קאָנען ווייזן די צייט,
און אויך בלייבן אויף אַן אָרט.

*

שווער?
נישט שווער.
גרינג.
זייער גרינג.
די גרינגקייט פֿון אַ שפּענדל, וואָס טראָגט זיך אויף אַן אויפֿגעשטורעמט וואַסער, די גרינגקייט פֿון אַביסל פֿייער, וואָס בינדט זיך אָפּ פֿון דער קויל. דאָס גרינגקייט פֿון אַ פּלאַנקפֿאָדעם, וואָס פֿליט אין סעפּטעמבער־ווינט.
מײַן לעבן.
מײַן לעבן.
אָט־אַזוי איז עס.

*

אינדערפרי גייען-אויף די טעג-רויכלעך פון די קוימענס. פאבריקן שטעלן זיך ארבעטן, מאַלן מענטשלעכע שעהן אויף דינעם שטויב. איך ווייס נישט פון דעם גרויסן דראמאטישן ריטם. איך מאָל מיר מיין לעבן אליין — אויף א קאוועמילכל.

די געברענטע קאווע שמעקט, ווי מיינע געברענטע קאַ-ווע-ברוינע, רייך-מעלאנכאָלישע טעג.

איך פיר מיין רגע-פליג פאר א גאָלדן ציימל, בעת דער טאָג-טיגער האלט אָפן זיין מויל.

אין דער וויפלסטער אייביקייט זוכן?

קיין שפרענק-וואסער שפריץ איך נישט אויף מיין טיר — זאָל יעדער לומפיקער פארלאנג אריינקומען, זיך זעצן ביי מיין טיש — טיילן מיין ברויט-מיט-גאָרנישט.

און וועמענס צוגג עס איז אזוי לאנג, אז ער קאָן אָפּ-קושן דעם גאנצן טוי פון דער גאנצער ערד, דער זאָל אזוי טון.

און וועמענס הארץ איז אזוי ברייט, אריינצונעמען אלע ווונדן פון דער וועלט — דער זאָל אזוי טון.

איך קוש בלויז מיינע ליפּן, דערפאר, וואָס זיי האלטן אלע קושן אין זיך — און זאָגן נישט אויס.

מיין הארץ טראָגט בלויז די רויטע ווונדן, וואָס זענען איידל-דעקאָראַטיוו, ווי די בינטלעך קאלינעס אויף אן איינ-זאמען בוים.

נעכטן איז א יונגע נאכט געלעגן ביי מיין צופוסנס, היינט — א טאָג.

וואָס פאר א קעניג איך בין!

מיינע גיטער? אלע ציפערן, וואָס די וועלט פארמאָגט, אלע איידלשטיינער. וואָס איך האָב ביז היינט געזען, אלע

לענדער, וואָס גייען אַריין אין דער לאַנדקאַרט פון מיינע געשטופלטע חלומות.

מיט לבנה-פעדערן איז פול מיין קישן; מיט דעם גו-גו-גו פון אַלע גאָלדענע גענז איז פול מיין אויבערבעט.

מיין קאָלדרע איז פון אַלע סאַמעטענע שמייכלען, פון די, מיט וועלכע איך האָב מיין שלאָף געטיילט, מיט אַלע זילבער-טאַשמעס פון מיינע סוף-בריוו. — — —

רו טלעכע צונג-שלענגלעך זענען די קנעפ-רינגען, וואָס פאַרכאַפן די קנעפ אויף מיין נאַכט-העמד.

אויף פאַנטאָפעלעך פון שליימיקן שפינוועבס גיי איך — מיינע טריט אַנטקעגן.

(איבערן קעניגס בעט שפינט די שפין איר געוועב).

און קיינמאָל קער איך זיך נישט מיטן פנים צו מיר אַליין, כדי מיין אומעט נישט צו זען. דאָס טרערן-פּאַסיקל איבער אַ ליידיק פנים און די צוויי פינטעלעך — די פּאָרנאָגראַפישע.

מיין לעבן.
מיין לעבן.
אָט-אַזוי-אָ איז עס.

*

וואָס האָב איך דיר געטון, דו הימל איבער מיר, וואָס דו העננסט שטענדיק איבער מיר? פאַרצייכנסט דעם סוף פון מיין אַרויפבליק, די גרענעץ פון מיין געבעט?

וואָס האָב איך דיר געטון, דו בענקל, אין מיין שטוב, וואָס דו זיצסט שטענדיק אַזוי מיאוס-פּיקאַנט קעגן מיר? — דערמאָנסט אינם זיצן פון יענער, וואָס האָט איר נשמה-שמערץ אויסגעטון, און מיט איר אָרעמער נאַקעטקייט מיך געפאַנגען, ווי אַ פיש אויף אַ וואָרעם?

וואָס האָב איך דיר געטון, דו פאַראַכטאָגן, וואָס דו ביסט אַוועק פון מיר אָן אַ גוט-וואָרט?

וואָס האָב איך דיר געטון, דו מויער קעגן מיין שטוב —
וואָס דו פאַרשטעלסט מיר דאָס ביסל זון, דעם קאָפּ לבנה?
ווּאָס האָב איך דיר געטון, דו שטעקן, וואָס שטייסט
אין „קינע" אין מיין שטובווינקל, וואָס דו מאָנסט מיט אַ
האַלבן פרעג-צייכן אויף דער וואַנט — דער שאָטן זאָל דיר
אָפּגעבן, וואָס דיר קומט.
בין איך דיין פריינט, שטעקן? צי נישט?
איז מיין קילע האַנט אויף דיין קאָפּ ווי אַ בענטשונג,
אָדער ווי אַ — מידקייט?
מיין לעבן.
מיין לעבן.
אָט-אַזוי איז עס.

*

דאָס בלום-קריגל, די שווערד, די לולקע.
מיינע דריי וועלטצייכנס.
בלימלעך און האַרצשניט, און חלומות-רויך. די דריי מוס-
טערן אין דעם קרייץ-און-קוואר פון מיינע טעג און יאָרן.
רויך.
און שווערד
און דופט פון די טעג.
ווי רעגן טריפט פון וואָלקנס, אַזוי טריפן די בלייכע
שטילקייטן איבער מיר, מיט זייערע טרערן.
מיין לעב.
מיין לעבן.
אָט אַזוי אָ איז עס.

# טאַקע דאָ נישט ווייט פון קיינעם זיץ איך

טאַקע דאָ, נישט ווייט פון קיינעם, זיץ איך. איך גיי נישט אין ערגעץ. איך פאָר נישט אין ערגעץ, ווייל — ווו איז דען ווייט!

*

מ׳האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז ערגעץ ווייער, ווייער, זייער ווייט איז דאָ אַ לאַנד, מיט גילדענע בערג און זילבערנע פרנסות. האָב איך גענומען סקעלבערנע רענצל אויף די פּלייצעס, געקויפט אַ שיפסקאַרטע און אַוועקגעפאָרן.

דער ים האָט גע—, דער הימל האָט גע—. אַ גרויסער שטורם האָט זיך אויפגעהויבן און געוואָלט צעברעכן אונזער שיף. איך האָב געדצוונט און געבראָכן און געלעקט לימענעס. און אַז איך האָב — אויפן 18-טן טאָג — דערזען אַ גרין אינזעלע, האָב איך מיך צע— מיט אַזוינע-אָ טרערן. דערנאָך האָב איך מיך געוואַלגערט אויף באַנען (עפּילעפּטישע), געריטן אויף קעמל-האָרבעס, זיך געשלעפּט צו-פוס...

און אַז איך בין כוף-כל-סוף אָנגעקומען קיין (זאָגן מיר) טאַי מאַהאַל, אין אינדיע, האָב איך דערזען, אַז ס׳איז גאָרנישט ווייט. אדרבא: ס׳איז אַזוי נאָענט, אַז ס׳איז אַזש אַ בושה צו זיין דאָרט. וואָס האָב איך, אַ וועלטמענטש, אַן אַרומפאָרער, צו טון אין אַזאַ נאָענטן אָרט?

✿

די ליים־געלע גאַנגעס־ברעגן זענען באַוואָרפן מיט מענטשן, געלאַנגווײלטע קראָקאָדילן, מיט האַרט־פאַרכוואַטע, לעדערנע פנימער, ווי... (ווי ווער?) שטעקן אַרויס די קעפּ און וואַרטן, אַז גאָט זאָל זיי צושיקן עפּעס אַ גוטן, האַרטן טאַפּטשאַן אויף אָנבייסן...

אין דער לבנה־פינסטערניש ציען זיך גרינע רויכלעך צום הימל. עס ליגן קאַלטע מענטשן־קערפּער אַרום — צום פאַר־ברענען.

די מתים ליגן דערווייל האַלב אין וואַסער, איינגעוויקלט אין ווייסע אָדער רויטע געוואַנטן, און, אַז מען דאַרף זיי טון זייערס, נעמט מען זיי אַרויס, ווי מאַרינירטע פיש פון אַ סלאָי, מען לייגט זיי אַרויף אויף טראָג־ברעטלעך פון באַמבוס, און מען דרייט זיך מיט זיי דריי מאָל אַרום, אַרום דעם שייטער־הויפן. דער נעענסטער קרוב צינדט אונטער דעם שייטער...

*

ס'איז אינדיען (אַזוי זאָגט מיר אונטער עפּעס אַ ביכל). אַלע פרומע לאָזן זיך פאַרברענען. קינדער, ווייניקער ווי צען יאָר אַלט, וואַרפט מען אין וואַסער, און די קראָקאָדילן האָבן וואָס צו עסן... (גאָט פאַרלאָזט נישט זיינע קינדער. אַפילו די קראָקאָדילן נישט!)

ביי די ברעגן פון הייליקן טייך גאַנגעס ליגן אַ סך, אַ סך מענטשן. אַ טייל טויטע, אַ טייל האַלטן ביים אויסגאַנקען, ווילן נישט עסן. זופן נאָר מיט פאַרברענטע ליפן פונם הייליקן וואַסער. איטלעכע שעה קומט אָן אַ וועכטער, רירט אָן די קערפּערס מיט אַ שטעקן, און, אויב איינער ווייזט נאָך אַרויס אַ סימן פון לעבן, באַגריסט ער אים מיט אַ פרומער שפּראַך און גייט ווייטער.

טאָג ווי נאַכט ברענען שייטער־פייערן ביי די גהאַטס. קליינע, אָרעמע פייערן. האָלץ איז טייער אין אינדיע. דאָס פאָלק איז אָרעם. בלויז ביי דעם רייכן „מאַניקאַראַניקאַגהאַט", דער הייליקסטער פון אַלע טעראַסן, ברענט דאָס פייער העל און זינגענדיק. דאָרטן ברענען די רייכסטע מענטשן פון אינדיע.

עס קאָסט טויזנט רופּיעס...

נישט ווייט פון אָט־דעם „גהאַט" פאַלן די אָפּפלוס־קאַנאַלן אַריין אין גאַנגעס, דאָס וואַסער דאָרט פליסט שווער און געלבלעך — פון אויבן שווימט און שמייכלט די פרינצעסין כאָלערא.

*

באַטאָג. פון ווייט, זעט זיך דער קופּאָל פון אַ גילדענעם טעמפּל... אַ פרומער אינדיער שטעלט זיך אויף די קני, שעפּט אָן מיט דער הוילער האַנט אַ ביסל וואַסער און טרינקט עס מיט גרויס דורשט.

איך לאָז איבער ס'ביסל אין אינדיע און לויף צוריק אין מיין קאַפּיי, וואָס איז זייער ענלעך צו טאַי מאַהאַל מיט דעם, וואָס (אַז מ'איז דאָרטן) איז עס אויך גוואַלטיק נאָענט.

און אַז איך בין שוין צוריק אין קאַפּיי, טרינק איך טיי, אָדער וואָס, און פאַרבייס מיט אַ טרויעריקן זיפץ פון מיינעם טיפן האַרצן אַרויס. און איך רעד מיט אברהם רייזינען וועגן דער וועלט און אַנדערע קלייניקייטן.

רייזין גיט צו, אַז „אַפילו ווען יאָ, איז אויך", אָבער איך האַלט מיך ביי מיינעם, „אַז די פראַגע איז דאָ נישט צי... נאָר..."

רייזין זאָגט, „אַז פון זאָגן ביז זאָגן איז אַ חילוק". זיין כּלי־זמריש חבר'ל לאַכט. מיט אַ מעשענעם צאָן קען אַ „לעבן פון לבנה מ'ט מילעך", און דינגט זיך מיט אונז, אַז ער איז גרעסער, ווי יעדעריינער. בורשטין — דער קעניגלעכער דיכטער און קאַמאַשן־שטעפער — זיצט נאָבל, וואָס נאָבעלער קאָן נישט זיין. שטעקט אַרויף זיין פרינצלעכן „קעמל־סיגאַרעט" אויף

אַ הילצערנעם צאָנפּיקער, און דערציילט מיט פּוטערנע פּיזעם-זשעסטן, אַז ער קלויבט זיך אויף אַ „זעלבסט-פּערזענלעכן קאָנגרעס, פון זיך זעלבסט, נעמלעך".

*

סע גייט נישט אין דעם, און סע גייט נישט אין יענעם.

באַ רייזינען ברענען משלים, ווי הבדלות: „אַ גאַנצע וואָך" זאָגט ער, „גייסטו אַרום און זאָגסט זעלטן-טיפּע, קלוגע זאַכן. זונטיק באַנאַכט גיסטו אַ קוק אין דער צייטונג, ווו דו שרייבסט. דרוקט זיך דיינס עפּעס אַ תּמצוואַטע לידל... די קלוגהייטן האָסטו אַרויסגעוואָרפן אומזיסט. פאַר די נאַרישקייטן מוז מען דיר באַצאָלן".

און דאָס וואָס איך זאָג אַ שטייגער, „אַ ריינער קוואַל"?

— דער קוואַל איז קיינמאָל נישט ריין. אין קוואַל זענען דאָ שטיינדלעך, זאַמד, בלעטער — אַ מאָל פאַלט אַריין אַ ביסל מיסט אויך.

ריין איז נאָר דאָס קליינע וואַסער — אין אַ גלעזל.

שלאָג איך צוריק מיט אַ מאָל קעגן די יונגע ליטעראַטן.

— אַ זייגער שטייט און שטייט. אָבער איינמאָל אין טאָג טרעפט ער, פונדעסטוועגן די צייט.. נישטאָ קיין זייגער, וואָס זאָל איינמאָל אין טאָג נישט זאָגן דעם אמת...

# וואָלט וויטמאַן

אָט-דאָ צוהער אויף דער וואָג גערויף! דו, וואָס האָסט קיינמאָל קיין האַנדוואָגל נישט מיטגעטראָגן מיט זיך, דיינע ווערטער צו וואָגן, דו, וואָס דו ביסט נישט געווען צווישן די פּעפּערס, וואָס זיצן אויף די שטייבענק, אין די ווערנדיקע פאַרנאַכטן, און שאָקלען מיט די קעפּ.

וועכטערס. לאָמטערנצינדערס! דערעסן איז די לאָמטערנצינדעריי דעם, וואָס האָט אַליין נישט קיין הויז אויף דער גאַס, ווו די לאָמטערנען ברענען.

נישט קיין הויז, נישט קיין קאַמער, נישט קיין ווינקל, נאָר אַ הימל אַ גרויסן, ווי אַן אָפּדאַך איבערן קאָפּ. אַלע האָריזאָנטן — ווענט פון לופטוועבס, די ערד אַליין — אַן אויסגעצייכנטער פוס-באָדן! אַלע לבנות — לעמפּלעך, אַלע פעלדער — ברויט, אַלע טעג — צעלאָזענע פעלד-מוידן, מיט גרינע האָבער-קרענץ אין קעפּ.

„שעמט אייך (זאָגט דער פילאָזאָף) צו עסן, אויב איר האָט נישט געענוג אַלכעמי אין אייער בויך, צו פאַרוואַנדלען אַ טייל פון אייער שפּייז אויף האַרטער און נוצלעכער אַרבעט.“

דאָס.

און גאָר!

❀

וויטמאַן, מיין טיכטיק-טויטער, ברייט-לעבעדיקער, גרויסער, זאַטער וואָלט וויטמאַן! דו, וואָס דו האָסט די וועלט באַגעגנט מיט אַלע דיינע געשאַרפטע אַפּעטיטן! דו, וואָס דו האָסט פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס לעבן איז נישט קיין פֿאַרטיידיקונג, נאָר אַן אָנגריף, אַן איבערפֿאַל אויף די גרויסע שטיקער פֿלאָדן פֿון ליבע, אויף די מילך-טעפּ פֿון פֿרייד, פֿון הייסע גלוסטונגען.

די גרינע זיבעצניעריקייט איז דאָך אַ קראַנקהייט צוזאַ, בײַ די היינעשע לייט. איבערגעקומען, איבערגעפּיבערט, די ביטערע פּראָשקעס איינגענומען. איצט קומט די יונגשאַפֿט פֿון מיטליערדיקייט, די עלטערע, בעסערע, צייטיקערע יונגשאַפֿט. ווייל פּונקט ווי עפּל און גרינדאָרן, מוז אויך די יוגנט צייטיקן, איבערצייטיקן, ברוין ווערן פֿון דער זון, האַרט ווערן פֿון די שטורעמס — ערשט דעמאָלט קומט די אידעאַלע יונגשאַפֿט — קומט וואָלט וויטמאַן!

ווי דער לעצטער עפּל אין אַ וואַלד. בלינד-גרינער הערבסט. אַלע אַנדערע עפּל האָבן זייערס אָפּגעזונגען גרינערהייט, אָדער אין מיטן צייטיקן, זענען צו דרערד געפֿאַלן פּונקט אין דער מינוט פֿון זייער רייפֿקייט. קיין צייט נישט געהאַט צו פֿאַלן צו די אייגענע פֿיס, זאָגן „זיי געבענטשט" און די קאָרע קושן.

דער לעצטער עפּל. ווי אומענדלעך אַזוי-און-אַזוי. מעלאַנכאָליש, ווי ברוינער האָניק אין אַ פֿאַרלאָזענעם בינשטאָק.

אָבער קנעכיק, נוסיק איז אָט-דער לעצטער עפּל אין אָסיען-וואַלד, אַלע שטורעמס איבערגעוואַרט. סטאָאיש? — כ'גיי מיט אייך אין אַ געוועט, אַז סטאָאיש!

און דער טעם פֿון אָט-דעם אָ עפּל? עפּעס אַ ביטערע זיסקייט, דער טעם פֿון טויזנט פֿאַרשידענע גאָרנישטן אין געוויג, אין געיעג, אין געוואַקס! דער טעם פֿון סאַמע הערבסט...

דער טעם פֿון רויקער, געלייטערטער, סאָלידער צייטיקייט, וואָס

פּייפֿט איבער אַלע פּיפּיקע ווינטן, מיט פּעדעם־פּעסטער צוגעבונדנקייט צום בוים, מיט אַ הייליקער מעלאַנכאָליע. וואָס איז — די פֿאַרהילטע מאַסקע פֿון זינד מיט אַ צירלעכע טרויער, וואָס איז אַ בלאָער באַנד אין די האָר פֿון דער קורטעזאַן.

טויזנט ווידערשפּרוכן — אַלע רוישן אין געוויש פֿון פֿאַרבּיקן שוים, וואָס רינט מיט די פּעלזן אַוועק.

טויזנט געדאַנקען! — אין יעדן געדאַנק מיט אַ פֿערד אַרײַנגעלאָפֿירט און... קריק אַרויסגעלאָפֿירט. קיין סטאַציע נישט געמאַכט. נישט דאָס זוכט ער, אונזער צעהיצטער, פֿאַרשוויצטער וואָלט! ער איז בלויז אויסן דעם שווייסיקן, געשמאַקן דופֿט פֿון אַ פֿערד, וואָס לויפֿט, דעם טעם פֿון גאַנצער געפֿאַר, פֿון געזונטן בענקן נאָך... באַנקעניש!

*

ברייט איז ער, דער וואָלט וויטמאַן! אויך אין זײַן הויכקייט איז ער... ברייטער ווי לענגער. אויך אין זײַן אייביקייט, איז ער מינוטיקער, ווי שטענדיק. די וועלט — וואָס איז זי, האַ? אַ שטערן־מיט־ברילן? למדנישע קנייטשלעך, טראַכטשינעס פֿאַר אַ... שאָטן־לאָקאָמאָטיוו? איז דאָס לעבן דאָ אויף באַשרײַבן אָדער... אויף באַליבט צו ווערן? איז דיכטונג די לופֿטיקע לעכלעך אין די שעהן, דורך וועלכע וואָס'ר בליצט דורך און פֿייער רוישט פֿאַרבײַ? אָדער איז דיכטונג — אַ האַמער מיט אַ האַק, אַ קאָטשערע מיט אַ לאָפּעטע, געשמאַקע באַדערפֿענישן און געזאַלצענער שווייס? איז פֿיליזאָפֿיע דאָס „באַטראַכטן אויף וועלכן אָרט די נוס איז צום קיילעכדיקסטן?" איז פֿילאָזאָפֿיע צו קנאַקן די ניס און — זיך אײַנהערן אין קנאַק־רויש? אָדער איז פֿילאָזאָפֿיע — נוס אַליין? די זיסקייט פֿונם קערן, די אָנזעטיקייט פֿון דער יאָדרע?

וואָלט וויטמאַנס קאָסמאָלאָגיע (זאָגט ער) סובסומירט אַלצדינג. אַלעס איז איבער דער סומע, אינדרויסן פֿון... מאַטעמאַטיק, אומציפֿעריש. — אָבער די קיילעכדיקע נול איז פֿון גלאָז־גאָלד און קלינגט אין איר קויקלען־זיך. וויפֿל איז איינס?

אהאַ, דאָס ווייסט מען נישט. טריגאָנאָמעטריע איז נידריקער פֿון דעם. געאָמעטריע איז העכער. אַזוי־פֿיל ווי דאָס צירונג־שטיינדל האָט קיין שום אויג (וואָס שאַצט עס) קיין ווערט נישט.

אויב אַזוי: צו וואָס ווערטן? ווער וועגט מיר דאָס גאָלד־וואָגל אָפּ? ווער מעסט מיר איבער די מאָס?

אין דר׳ערד אַריין מיט דער חכמה! דאָרט אין (דר׳ערד) איז איר באַטייט, איר זין. אַ פּיצל אַלדערדאָרן... אָט דאָס איז עס! נישט מער, נישט ווינציקער, נישט טיפֿער, נישט העכער, ווי אויג און גראָז, ווי הארץ און — בענקשאַפֿט, אַפּעטיט און בהמות...

אָבער וואָס, האַ, טראַכט דער דענק־מאַן, (דענק־מאַן, דיכטער־מאַן, מילך־מאַן!)? דער דענקמאַן טראַכט איבער... נישט ווייניקער ווי — איך ווייס וואָס? אָבער וואָלט וויטמאַן, עי־העי, ער דענקט וועגן... אַ האָר אויף דער לינקער זייט פֿון זיין האַנט־פֿלאַך! וויטמאַן טאַפּט זיך אַליין און האַלט „דעם קאָסמאָס אין די הענט״. וויטמאַן ליגט אויפֿן טייך מיטן בויך קעגן דער זון, און דאָס איז, גלויבט מיר, די גרעסטע רעק־לאַמע פֿאַר... גאָט, דאָס גרעסטע געזאַנג צו דער זון־שמון, וואָס איז נישט רויטער, ווי אונזער בלוט, נישט גאָלדענער, ווי אונ־זער גאָלדענע מינוטלעך אויף דער ערד.

*

צעקראָכן, צעשוווּמען לעבן.
אין די וואַרעמע הענט פֿון די דיכטער, ווי פּוטער.
אינדוקציע.
רעדוקציע.
קאָנסטרוקציע.

וואָרט־אויף־וואָרט. דאַך־אויף־דאַך. ווּ זענען די שטערנ־ווינקעלעך — ווּ זענען? ווּ איז דער גראַנדיעזער ריס אין די אונטערקליידער פֿון דער פֿרומער נאָנע, דאָס לייב־ליכטיקייט?

די מענטש־עקזיסטענץ מיט אַ... קלעק אויסשעפּן? אָדער אַ קלעק מאַכן, ווי אַ זינג־נאָטע, און זיך צוועקשטעלן טרילערז?

גאַלאַנטע געדאַנקען, כ'לעבן, ס'היטל דאַרף מען פאַר זיי אַראָפּנעמען, אָבער לעבן מיט זיי, ווי מיט א ווייב, אָדער מיט א ליולקע — דאָס קאָן מען נישט.

היינע, היינע, נו זע אליין!

און מיר אַלע, קלענערע, גאָלדענע הענטלעך, וואָס קרייען גרין און בלאָ און שבתדיק אין אונזער גאָרטן?

א גלייט פון אַלטע, שימלדיקע שטיינער — א היכע כותל-מערבי, פון אויבן — א פייגעלע: ציף-ציף, אָדער האַ-ב-ציף און האַלב-צעף.

ניין. איר וועט מיר דאָס ביסל זומערדיקע זייגער-פרי נישט דעקאָלירירן.

דאָס לעבן איז צו... לעבנסווירדיק דאפאר

כך אמר, אזוי האָט געזאָגט דער לעבנס-קאַטויליק, וואָלט וויהיטמאַן!

*

מיט אַלע קריגלעך בלוט אין די אָדערן, מיט אַלע מאַרך-געוועבן, מיט אַלע זינען דאָס לעבן קושן... און נישט דוקא אין די ליפּן!

אומעטום וווּ דאָס מויל קושט איז — ליבע, איז הרי-את, איז חופּה-ליכט און טעדעאום.

א ליכט-פאַנאַטיקער, — קאָן וויהיטמאַן — צינדן ווי אויס-לעשן. אין ביידע טואונגען איז דאָס ליכט-געפיל, איז די ליכט-לאַנדשאַפט.

*

צישן שלאָפן און וואַכן ליגט די וועלט פון... קרוינען. קרוינשטולן זיצן און וואַרטן, מ'זאָל פון זיי אַראָפּקריכן און זיי צורו-לאָזן. צעפּטערס שאָקלען זיך אין פאַרוויאַנעטע, אַלטע הענט, בעטן אויף א... לוסטיקן ערד-ציטערניש: אויף א פלינקן וואָרף!

וויהיטמאַן קומט. גיט די קרוינען — וואָס צו טון. (ער טרינקט פון זיי וואַסער, און ער נוצט זיי פאַר מעלק-שעפלעך.)

אויף די הויכע ווענטלעך פון די קרוין-שטולן הענגט ער אויף אַ מאָטיק פּאָדעם און זאָגט דער באָבע מיט די ברילן (און מיטן קעצל אויפן אַקסל), אַז זי זאָל וויקלען, ער נעמט די צעפּטערס און... קנאַקט מיט זיי וועלשענע ניס, און עסט אַליין און גיט די וועוויריקלעך אויך אַ ביסל.

אָכהאָהאָ, מיין וואַלט, מיין ווהיטמאַן!

איך און דו.

איך גליטש מיך אויף די אָנגעפּוטערטע טרעפּ פון אַ חלום-שלאָס! דו אַרבעסט און בויסט אַליין ש-עסער. און מאַכסט אַליין אַ פּייער, און טרייבסט אַליין אַרויס די מויז — מיט דער קאָטשערע. דו לאַכסט און דו פרייסט דיך מיט דעם, וואָס דו ביסט, ווי מיט דעם, וואָס דו ביסט נישט. דו האָסט די וועלט אין די הענט (נישט די וועלט — דיך!) און דער עיקר: דו ווייסט, דער טויט איז אַ קלייניקייט, אַ דערשראָקענע קלייניקייט. מען דאַרף אים גאָרנישט פאַרבעטן אין שטוב אַריין, וועט ער זיך שעמען צו קומען...

און... זעט איר דאָך! איצט שטייט ער נאָך אַלץ אויף די שער-בלעטער פון זיינע ביכער און שמייכלט. און זיין באָרד איז געוואַלטיק און ווייס, און זיין ברוסט פאַרבעט דעם דונער אויף נאַכגלעגער.

זיין... לבנה איז אַ שיף אויף אַ ים, וואָס איז פול מיט מאַנדל-מילך...

נאָר די טעג, די טעג.

די מכשפות מיט איינציקע ציין אין מויל!

זיי גריזשען, זיי גריזשען.

דער מויל איז אינם ליין פון דיינע ליינענע לידער.

דער מוי, איז אינם ווייסן, פרישן ליין פון דיינע ליינענע לידער, מיין וואַלט ווהיטמאַן! און די בלאָע שפּין...

שיינע, בלאָע, פאַרליבטע שפּין, וואָס דיין ווייב וואַרט אינדערהיים דיך אויפעסן, מיין ליד צו דיר, און אַ טייל פון מיין מאָנומענט, און אַ גאַט אין דער וואַנט-שאַרף פון אונזער אַלעמענס פאַנטע-. יאָ, טאַקע פאַנטעאָן!

## אייך אַלע מ׳ין ליבשאַפט

די לאַנגווייל איז דער גרויסער באַוועג-מאָטיוו פון דער וועלט. פאַרוואָס לויפן די טייכן? ווייל עס איז זיי לאַנגווייליק דאָרט, ווו זיי זענען. פאַרוואָס דרייען זיך די מילן? ווייל עס איז זיי לאַנגווייליק צו שטיין אויף איין אָרט.

פון לאַנגווייל גייען די באַנען און שיפן, ברענען די פייערן, פליסן די וואַסערן.

אומרו באַוועגט די וועלט — נישט רו.

*

לאָמיר זיין מוטיק, ווי זעענדיקע, נישט ווי בלינדע.

מיט אָפענע אויגן — קעגן דעם לעבן, וואָס עסט אונז אויף. מיט פויקן און טרומייטן — דער געפאַר אַנטקעגן.

אָבער נישט די אויגן צומאַכן און זאָגן: אומעטום איז ליכטיק!

מיר זענען יונג און מוטיק און בראַוו — האָבן מיר קיין מורא נישט זיך צו פאַרטיפן איבער וועלט און זאַכן, איבער מענטש און לעבן.

*

די רענצלעך שטייען געפּאַקט, צירלעך און פּינקטלעך, זיך אַזויפיל מי געגעבן, נישט צו פאַרגעסן קיין זאַך פאַר דער לאַנגער רייזע.

שפּעטער וועל איך דאָס ביסלעכווייז פאַרלירן, אויפן וועג פאַרגעסן. — איבער דער וועלט צעזייען.
אָכ-ניין, מען טאָר נישט גלעגיש ווערן!

*

דאָס וווּנדער געשטצט אַלע מינוט.
די מטבע, וואָס איך האָב אַרויפגעוואָרפן צום הימל, איז געבליבן הענגען אין דער לופטן.
איז דען אַ חילוק, צי די מטבעה איז פון גאָלד, צי פון בליי?
דאָס וווּנדער הענגט אינמיטן דער לופט, און ווי גאָלד איז עס ליכטיק — אפילו ווען עס זאָל פון קופּער זיין.

*

איצט איז דאָס פייער מיד, קליין און — פאַרלאָשן.
זאָל איך זאָגן אַז —: ווי אַ וווּנדערלעכער ברונען איז דאָס מענטשלעכע טראַכטן? — אַ ברונען, וואָס פאַרשליסט זיך אַליין, ווען עס איז נישטאָ, ווער עס זאָל פון אים טרינקען—.
(יאָ, די נעסט „שאַפּט" נישט קיין פייגל. זי רופט זיי נאָר צו זיך, לויט איר גרויסקייט, שיינקייט און זיכערקייט!)

*

אייך אַלע, מיינע גאַנטע און ליבע, און אַפילו איר, פרעמדע און ווייטע, וואָס דורך דעם קילן נעפּל פון ווייטקייט ווערט איר מיר נאָנט און ליב — אייך אַלעמען מיין גרוס, אייך אַלע דאָס פאָכען פון מיין טאַשן-טיכל אין ווינט — איידער די שיף גייט-אָפּ.
אייך אַלע — מיין ליבשאַפט, וואָס לויפט שטענדיק איבער, ווי יערנדיקער וויין, און אָפטמאָל ווערט זי זויער און קאַליע, און נוצלעך ווי... עסיק!

*

בין אין בעט. האָב אַ ביסל פיבער, פיל מיך קראַנק און — גוט.

ס׳אויג איז געבליבן שטיין אויפן פענסטער, ווו די זון איז. איך באַמערק צום ערשטן מאָל, אַז די שויב איז צעקריצט. די קריצן גלאַנצן אין דער זון, ווי נאַפט אויף וואַסער. רעגנ־טראָפנס פאַרטרוקנטע האָבן קליינע מוסטערן איבערגעלאָזט אויף דער שויב.

איך בין לויטער שויב און זון. די קליינע „גנעדיגע פרוי״ מאַלי פיקאָ מיט איר יעקבן האָבן מיך באַזוכט, מיך אַרומגעטרייסט, גערעדט פון רענצלעך און פון... גאָט. נח שטיינבערג האָט מיר געבראַכט רויזן אין אַ גרין פּאַפּיר. איך האָב מיך שיר צעוויינט.

*

מיך פון בעט אויפגעהויבן און... זיך געלאָזט צייכענען פון א. ריבאַק. נאָכן דאָקטאָר האָב איך דערווייל נישט געשיקט — דער פּאָרטרעט איז ביליקער.

דערנאָך האָב איך געטרונקען קאַרלסבאַדער זאַלץ און גערעדט וועגן... ענגלאַנד און וועגן קראַנק־זיין. „ענגלאַנד״, האָב איך געזאָגט „איז ווי אַ (נישט וויכטיק), און קראַנק־זיין״ האָב איך געזאָגט, „איז אַ ברכה. בעסער צו זיין אַ וואָך קראַנק, ווי אַ יאָר געזונט״...

מאַלי און יעקב און נח און ריבאַק זענען געבליבן גע־פּלעפט. „וואָס מיין איך מיט דעם?״ פרעגן דינע, איידעלע, ווי צו אַ נישט־געזונטן מענטשן, וואָס באַצאָלט מיט עטלעכע גוטע טעג פיבער פאַר אַ פערטל גלאָז שלעכטן דזשין.

איך האָב אַ וואָרף געטון די לאָקן פון מיינע האָר אויף אַהינצו, מיר פריש אַרומגעבונדן דעם האַלז מיט אַ ווייכן טוך און געענטפערט הייזעריקלעך, אָבער דעליקאַט:

דאָס ל. וואָס איז עס? דאָס געפיל, אַז דו לעבסט...

שטעל דיר פֿאָר, דו טרינקסט וויין, און ער האָט קיין שום טעם נישט. איז דאָס גוטער וויין? ניין, דער גוטער וויין איז דער, וואָס מעלדט-זיך אָן, דער, וואָס בייסט די צונג, לאָזט איבער אַ נאָך-קלאַנג, אַ נאָך-טעם, אַ נאָך-דופט. אַזוי איז אויך דאָס ל.. ווען דו ביסט געזונט, גייט די צייט גרינג, שטיל, גרוי, דו לעבסט נישט, נאָר דו ווערסט געלעבט. דער טעם פֿון צייט איז נישט אין דיינע נערוון. אָבער ווען דו ביסט קראַנק, דעמאָלט זעסטו זיך, דעמאָלט פֿילסטו דיך, דעמאָלט זענען די שעהן לאַנג, אָבער... זיי זענען אין דיינע הענט, קאָנסט זיי ...נטאַפּן. אָפּט בלענדן זיי מיט זייער פֿיבער. — אָך, ווי גוט עס איז צו זיין קראַנק, האָב איך געזאָגט, און געטראַכט האָב איך: „עכע-כע, ווי ווערט מען שוין געזונט, געזונט, געזונט".

אָבער אַלע האָבן דרך-ארץ'דיק געשוויגן, אָנגענומען מיינע רייד פֿאַר גוט געלט, קיינער האָט מיר נישט אַנטקעגנגערעדט אַ וואָרט.

*

דאָס האָט מיך ווידער דערמאָנט, אַז — קראַנק-זיין איז אַ גענאָד, אַ פּריווילעגיע. דער קראַנקער איז תּמיד גערעכט.

איך דערמאָן מיך, מיט עטלעכע יאָר צוריק. מצרים שוואַרץ ליגט קראַנק צו בעט, האָט הויכן פֿיבער. איך קום אים באַזוכן. ער דערציילט מיר, אַז ער האָט אָנגעשריבן אַ פּיעסע. איך טרייסט אים און זאָג אים, אַז ס'איז גאָרנישט. ער זאָל זיך באַרויקן, עס וועט אַריבערגיין.

אָבער ער באַשטייט דערויף, אַז ער רעדט נישט פֿון היץ. ער שלעפּט טאַקע באַלד אַרויס אַ מאַנוסקריפּט פֿון אונטערן קישן און הויבט מיר אָן לייענען. ער לייענט אָפּ אַן אַקט. ווערט מיד און הערט אויף.

„נו" פֿרעגט ער מיך, „וואָס דענקסטו?"

„ס'איז אַן אויסגעצייכנטע זאַך", זאָג איך, „מען קאָן שוין זען", זאָג איך, „פֿונם אָנהויב, אַז — ס'איז אַ גוואַלדיק שטיק.'

שפּעטער מיט אַ צוויי טעג קום איך ווידער. שוואַרץ האָט נאָך אַלץ פּיבער. ער ליגט אין בעט. אָבער ס'איז אים שוין בעסער. ער לייענט מיר פאָר דעם צווייטן און דריטן אַקט. פרעגט מיך מיין מיינונג. איך זאָג אים, אַז ס'איז גאַנץ פיין, אָבער ער דאַרף זיך ניט אָנשטרענגען. ער וועט ענדיקן לייענען אַן אַנדערס מאָל.

אין צוויי וואָכן אַרום קום איך ווידער. שוואַרץ איז שוין אינגאַנצן געזונט, ער רעדט פון זיינע נייע פּלענער, איינצונעמען „יוראָפּ און אַזיע", דערציילט מיר, אַז ער האָפט נאָך אַמאָל צו האָבן אַ טעאַטער אויף דעם הר-הדועם, ווי הייסט עס, הר הכּרמל, „אָדער", זאָג איך, „זתים". „יאָ", זאָגט ער, „זתים איז אויך נישט שלעכט. און יאָ," מאַכט ער „וועגן דער פּיעסע מיינער. דעם לעצטן אַקט האָב איך דיר נאָך נישט געלייענט. ווילסט הערן?"

„לייען!", זאָג איך, „לייען. אָבער געדענק", זאָג איך „וועסט חרטה האָבן".

לאַכט ער מיט זיין פיין פּנים, מיט די ערנסטע אויגן און נעמט לייענען.

אָפּגעלייענט דעם לעצטן אַקט, פרעגט ער מיך „נו?"

ענטפער איך אים: ... — — — — — ...! !

און איך זידל אים אויס, ווי דעם ערגסטן.

„ס'טייטש", זאָגט ער „דו האָסט דאָך מיר אַליין געזאָגט, אַז די ערשטע דריי אַקטן זענען דיר געפעלן?" „יאָ", זאָג איך, „לויט ווי פאַר אַ מענטשן, וואָס האָט 103½ גראַד פּיבער, איז דער ערשטער אַקט געווען אויסגעצייכנט. און לויט אַ מענטש, וואָס שוויצט באַנאַכט און ליידט פון קאָפּ-ווייטיק, איז דער 2טער און דריטער אַקט אויך געווען נישקשה, אָבער לויט ווי פאַר אַ געזונטן מענטשן, דאַרף מען דיר פאַר דער גאַנצער פּיעסע געבן פּעטש"...

*

ס'איז באַנאַכט. קאַטלער און נאַמבערג זענען בײַ מיר.

קאַפּלער אין נייעם רויט-ווייס געשפּרייפּטן העמד, און די יונגע נייע וואַנסעס, וואָס זענען אים אונטער דער נאָז, ווי אַ בלאָנדע פליג. נאָמבערג רעדט דורכן טעלעפאָן, שיקט דעפּעשעס אין אַלע עקן וועלט... עס האָט זיך בײַ אים אַנטוויקלט אַ מין שוואַכקייט צו שיקן דעפּעשעס. יעדעס מאָל, ווען איך גיי מיט אים און איך באַמערק, אַז ער איז אומעטיק, נעם איך אים אַריין אין אַ טעלעגראַף-אַמט און... ווייז אים, ווי מ'קלאַפּט דעפּעשעס, ווערט אים דאָס לעבן גרינגער און ליכטיקער.

## ביכער שלעכטע און גוטע

איר ווייסט: ביכער זענען פּאַרט גוט — אַפילו ווען מען לייענט זיי נישט. זיי שטייען בײַ אײַך אין ביכער-שראַנק, שיך-געבויגן, שטיל צונויפגעטוליעט, אין פּלערליי העמדלעך אָנגע-טון, און אין זיי איז רייד, איז וועלט, איז מיסטעריע.

רוקענדלעך פאַרצירט... ווי ביי די כינעזערינס. יעדער מיט זיין נאָמען אויף דער פּלייצע. איז דאָס דען נישט וווּנ-דערלעך?

אין בלינדן שווייגן פון דער נאַכט שטייען זיי, די הי-טערס פון אונזער וואָל-גאַנג, די וועכטערס פון אונזער שאָ-טענדיק פאַרמעג.

זון שיינט דאָרט — אינעווייניק. שוועבן זינגען. אויגן וויינען.

פאַרשטילערטע האַרפעס.

עפן-אויף — לייג דיין פינגער אַרויף, ווי נאָענט אַ יונג-פרויס פרישע ברוסט — עפּעס וועט זינגען, אָדער וויינען, פּליפּען.

*

ביכער. מענטשן. אויסגעטון פון פלייש-און-הויט. עסענץ פון מענטשלעכקייט, דאָס ליד פון אַלע לידער — דאָס ליד פון די אויפגעהערטע מענטשן, פון טויטע פידלען.

ווי אַ פייער אין דער נאַכט-טונקעלניש. אויף אַ פעלד. דו קוקסט אין פייער, זעסט גאָרנישט. זעסט בלויז אַ פייער-קלאַמפן, אַן אויפליכטיגונג, וואָס מאַכט די ווייטערדיקע פינ-סטערניש — פינסטערער.

זאָל דאָס זיין אַן עלעגיע?

די ביכער שווייגן אין אַלע קאָלירן פון דער וועלט. שווייגן בלאָ. שווייגן רויט. שווייגן פיאָלעט. שווייגן — מעוויש. ווי בלוט זענען זיי רעדעוודיק, יעדער טראָפן האָט אַ צונג, — אַ פאַרשלאָפענער גלאָק — רעדט די שפראַך פון אַ גלאָקן-שלאָף.

האָרכט!

אין דער פיינער אָנקילעניש פון דער נאַכט, טראַכט איך פון דעם בוים אויף מיין פעלד, וואָס האָט צווייגן, ווי הענט. אויף די אַלטע ציטערנדיקע אָרעמס וואַקסן קיין בלעטער נישט. נאָר אויף די פויסטן — כמעט. דער אָרעמער בוים האַלט די לעצטע בלעטלעך אין דער האַנט. זאָל דער ווינט זיך דער-וועגן אויסצורייסן!

*

ביכער. שלעכטע און גוטע. אָבער זיי רעדן דאָך! מאָלט זיך אויס אַ שטייגער: איר זענט אין אַ וויסטעניש. הירשן קוקן אויף אייך מיט גאָלדענע אויגן. שוואַנענענז ווייזן זייער צעפליגלונג, די זון קושט אירע אייגענע ליפּן אויף די טייכן. גראָז-צינגלעך שטייען גרין-הונגעריק ביי די וואַסערן. אַ שפּאַר-בער פליט רעכטס און לינקס, אַרויף און אַראָפּ — אַלץ אויפ-אַמאָל, זוכט און געפינט און זוכט... זוכט שטענדיק נישט דאָס געפונענע, נאָר עפּעס אַנדערש! איז דער שפּאַר-בער פאַרפליטערט, קאָן זיך קיין עצה נישט געבן מיט דעם וווּנדערוואַרעמען ביסל טאָג. פליען אַהער? פליען אַהין? פליען אַרויף? אַראָפּ? קריק? ווייטער? — ס'איז איין פויגל אַליין, און מען קאָן קיין עצה נישט געבן. די זון שטייט נישט.

פליט דער שפּאַרבער אַהער-אַהין-אַרויף-אַראָפּ, עסט און

בליט, און זוכט אַזן לעבעט, און געפינט, און פליט זוכן דאָס וואָס, אַז מ'געפינט עס, וואַרפט מען עס אַוועק.

ס'איז טאָג און זוניק, פויגלען און גרינע שלאַנגען, ווי אויפגעפּוישטע סטענגעס אין זיבן פאַרבן. די לופט איז פול מיט פויגלדיקע זאַכן, מיט בלאָע שפּינען און גאָלד-ברוינע ביינען, אָבער איר זענט צליין... אַ מענטשלעכע צונג פעלט, וואָס זאָל אייך אייערע געדאַנקען איבערזאָגן, באַזינגען, וואָס זאָל אייערע אויגן ליכטיקער מאַכן, מיט דעם, וואָס עס צעטיילט זיך מיט אייער אויגן-ליכט.

און מיטאַמאָל — שטעלט זיך פאָר — אַ מענטש! אַ מענטש קומט! פרעגט איר דעם דעמאָלט: ווער ביסטו? וואָס ביסטו? — ניין. די הילע פרייד פון באַגעגענען אַ מענטש איז גענוג וווּנדערלעך, דאָס האַרץ אויפצוגאָלדן.

די וועלט — אויפצופליגלען.

די טעג — צו פאַרשפּאַנ[ע]ן, מיט גרין-רויטע קרענץ אויף די העלזער, ווי פערד פון מילך-עלפאַנט-ביין און קרעלן-בלוט.

אַזאַ לעבעדיקער מענטש, וואָס האָט ווערטער אין זיך — רירונגען, וואָס קלינגען צונגעגאָסן... שפּראַך. רעליגיע.

אַזוי אויך דאָס בוך ביי מיר אין שראַנק, אָט-איצט באַנאַכט, ווען אַלע ווענט שווייגן... און דער האָן האָט נאָך מיין אויפשטיי נישט אויסגעקרייט.

*

ביכער.

ווי פרעמדע האָב איך זיי אָפט ליב מיט טויטער שנאה.
ווי חברים האָב איך זיי אָפט פיינט מיט טויטער ליבשאַפט.

אָט דער-דאָ... פון טרויער און טיפקייט! דו פרעגסט אים נישט, אָבער ער זאָגט: „חכמה איז הויכער באַרג, ליבשאַפט איז טאָל. ווען דער באַרג וואַרפט זיך אין טאָל אַריין, ווערט אום-שכל דעמאָלט, ווערט דאָס סאַמע-הויך-טיפסטע: דאָס לעבן דאָס ווונדערלעכע".

ער זאָגט מיט שטויב אויף דער צונג: חכמה איז זיס און ריין. ליבשאַפט איז ביטער און הייליק — פאַרומהייליק דיך, מיין קינד, און טו צוליב!

און דער מיטן טרויעריקן זשאַקעט זאָגט: גאָרנישט איז מער, ווי איינס. דו האָסט איינס, ווילסטו דען בלויז טאָפל? ניין, דו ווילסט מ ע ר, מ ע ר! אָבער, אַז דו האָסט גאָרנישט, שטרעבסטו צו איינס, וואָס דאָס איז באַשטימט, און ווינציק און זיכער...

*

אָפט שטעל איך מיך אָפּ בײַ אַ פענסטער פון אַ בוך־געשעפט, באַטראַכט די נייע און שרייענדיקע, די אַלטע און איבערגעטוענע, די שטילע און כאַקריפּאַלע, די צופֿגעריסענע און — חשובֿע, די גראָב־רעדנדיקע און... וויינענדיקע.

אַמאָל שטייט אַ בוך צעעפנט, אָנביטענדיק, ווי אַ גאַסן־מיידל: „אָך! אָך! יאָ, דו, דו“. אַנטשולדיק מיר, בוך, דו אָפן בוך, דו געפעלסט מיר נישט. דו ביסט שיין און קלוג, אָבער נאָר פאַר דיר אַליין. וואָס קאָנסטו בײַ מיר נעמען דו, וואָס זאָל מיך רייכער מאַכן?

און דאָרט: אין אַלע עשירות געצירט! אין גאָלד און אין הירש־לעדער. און עדל־שטיינער און אין... אַרויסגעשפּיצטער שריפט, ווי קליינע, שאַרפע ציינדלעך פון אַ כיטרער שפּאַניערקע. אָבער — עס רייצט נישט. צו זיין אַן עושר, ווען מען פאַר־מאָגט אַ סך, איז קיין קונץ נישט. — אַ קונץ איז צו זיין רייך מיט... אַ קליין ביסל גאָלד...

נישט די פיל־זאָגנדיקע, נישט די פילפאַרמאָגנדיקע, נאָר די שיינזאָגנדיקע, די שיינפאַרמאָגנדיקע! אָט־אַזוי (אומגעפער, דאַכט זיך) זאָג איך צום פענסטער, ווייל ביכער שטייען צעעפנט און ווייזן די נאַקעטע בריסטן, די געפודערטע, און הערצער, וואָס קאָסטן אַזויפיל!

אָט־דאָרטן, — איר זעט? דאָרטן שטייט אַ פאַרביקער מענטש מיט אַ לאָרבער־קראַנץ אויפן קאָפּ און שמייכלט.

דו אומענדלעכער נאַר, דו! דו דומער וועלט-זשעני!
ווייסטו דען נישט, אַז דו ביסט שוין איבער 400 יאָר טויט?
וואָס שמייכלסטו אַזוי זיס איבער דיין... נו, דו ביסט דאָך אַ
נאַר!... כאָטש בראָנזענע טאָוולען לויבן דיין גרויסקייט אין
אונזערע שפּאַצירגערטנער (ווי די ניס-פאַרקויפער לאַכן און
רעדן פּאַסקודנע רייד!)...

*

און דאָ אויף מעדיסאָן עוועניו: אַ געשעפט, וואָס פאַר-
קויפט ביכער און... הינט!

דאָס איז ערלעך, דאָס איז ניי, דאָס איז אַמעריקאַניש!

אַ הונט אויף אַ שטריקל, אַ שויס-הינטל... אַ שויס-ביכל,
אַ ביכל אונטערן אָרעם...

און ליב האָט מען דאָס בוך, ווי דעם הונט — אַ מאָדע-
ליבשאַפט. געטריי איז מען דעם בוך, ווי דעם פּעקינעזישן
הינטל מיט די בורשטינענע אויגן. ביידע דאַרפן דיך באַצירן
מיט זייער לעבעדיק לעבן, דאַרפן דיך באַפּוצן מיט דיין...
געטריישאַפט צו זיי, דאַרפן דיך וואַרעמען מיט זייער אָטעם,
מיט זייער פעל.

ס׳איז נאָבלדיק (צי ניין?) צו וויינען אויפן טויט, וואָס
קימט אויס אויף „דיין" הינטל, אויף די יסורים, וואָס זענען
אין „דיין" בוך!

און דאָרט ווידער — דאָס אָרעמע אַרמענישע בוכגע-
שעפטל, (אויף לעקסינגטאָן עוועניו, ביי דער 28-טער), וואָס
פאַרקויפט ביכער און שיך! דאָס איז גאָר דער לעצטער ווענ
אין דער קונסט: שיך און... גייסט, לעדער און געמיט...

קונסט אויף צו שיצן ס׳געזונד, צו פעכלען פאַרן אויג,
קונסט, אונטערצושטופּן דעם דופק.

זאָל קנוט האַמסון — געמיט, שטיל, ווי רעגנוואַסער, זינ-
גען איבער די אַלע שטויביקע פלאַכן, איבער דעם נישט-צונויפ-
געלייגטן לעבן, וואָס וויל נישט שלאָפן אין די פיינע, האַרמאָ-
ניקע-בלעט, נאָך פון זיין וועלט-האַרמאָניקע?

קליין-גערויש, פעלדוויטקייט, פארבענקטע מענטשן, וואָס בלאָנדזשען אַרום זייערע אייגענע פיס... פרייען זיך, וואָס דער מאָרגנדיקער דור וויינט פון זייער טראַכט אַרויס — נו, דאָס איז נישט דעם גלאָקס קלאַנג, אפילו זיין פלישטש נישט... עס איז דער רעאלער ווערט פונם גלאָק-מעטאַל, וואָס ברענגט די סוחרימלעך, די קויפערלעך!

*

וויצזוי-זשע? איז דער מענטשלעכער קערפער אַ הייליקער פערעסטאַל פאַרן — קאָפּ, וואָס איז הערשער אין קעניג? אָדער איז דער קאָפּ בלויז אַ מין ביליקער קאַרק אויפן טייערן קרוג, וואָס הייסט — קערפער?

עסן-מיר, זענען מיר טינוף-פאַבריקן, בלויז צוליב דעם, אַז מיר זאָלן ווייטער עסן און ווייטער מאַכן מיסט?

איז דאָס לעבן פון מענטשן טאַקע נישט מער, ווי דאָס? נישט מער, ווי דאָס? (נו, ענטפערט שוין: „נישט מער, ווי דאָס!״).

ביכער און הינט.

ביכער און שיך.

ביכער און סעקס.

ביכער, ווי אונטערפירער צום פרעסטיש, צום שלאָף-בעט, צום באָד-צימער.

זאָלן דאָס מײַנע ביכער אויך זיין?

מסתמא. פאַרוואָס נישט!?

## דאָס זענען די רייד פון נעוואַסטעניע

עס מאַכט זיך, איר גייט פאַרביי, און אייער אויג זעט, אָבער ס'שוואַרצאַפּל פון אויג ווייסט נישט דערפון.

דער אייגענער שכל אַליין איז ווינציק. יעדער מענטש וואָלט באַדאַרפט האָבן צוויי שכלים. אַ שכל, וואָס זאָל אַרבעטן, און אַ שכל, וואָס זאָל אַכטונג געבן, אַז דער שכל זאָל אַרבעטן אַהין, וווּ מ'באַדאַרף.

זאָל דאָס זיין מעטאַפיזיק, ווען איר גיט אַ זאָג: „מיינע אויגן שעמען זיך מיר צו קוקן אין פּנים אַריין”? ניין, נישט קיין כּופערפיזיק, נאָר אַ... פאַרנדיקער איינמאָל-איינס — וואָס מ'קאָן אים נישט כאַפּן ביי דער האַנט...

איר זאָגט: „אומשטאַנדן”, „פּאַסירונגען” — איר זענט אַליין אַן... אומשטאַנד, אַליין — די איינציקע פּאַסירונג אין דער וועלט...

*

פילאָזאָפיע — וואָס איז עס אַזוינס? ס'איז דער ווילן צו פאַרטרייבן די גרויסע שרעק פאַרן ווער-וואָס-ווען מיט... אומוויכטיקע קליניקייטן. פילאָזאָפיע פאַרענטפערט נישט, נאָר זי — פאַרעדט, שלעפערט-איין, ציט-אָפּ די פראַגן פון וועלט-און-ווי-אַזוי מיט דעם, וואָס זי לייגט אַוועק אַ האָר, שפּייט-אָן אין די הענט און פאַרמעסט זיך מיט אַ העקל — אויפצועפענען די

האָר. עס איז דער געדאַנקען-שפּיל, וואָס פאַרווײלט די צייט, טאַקע דיזעלבע צייט, וואָס שטייט אונז, ווי אַ לעמפּערט אין אויג! „וואָס איז צייט?" פרעגט דער פילאָזאָפיקער, און... זעצט זיך דערווייל אויף דער צייט און... דערהרגעט זי צוביסלעך.

„וואָס איז רוים?" פרעגט דער דענקער און קריכט אַריין אין דער מערת-המכפלה פון... ווערטער, אויף עטלעכע צענד-ליק יאָר.

און ביז — ער קומט אַרויס איז דאָס שוין סיי-ווי-סיי פאַרענטפערט.

*

זיי טרומייטערן מיר אין אויער אַריין: סוביעקטיוו. זיי אָביעקטיוו — ווי אַ קידוש-גלעזל. זייער גוט. איכ׳ל זיין אָביעק-טיוו — אַזוי ווי איך קאָן, דאָס הייסט סוביעקטיש...

דאָס גלעזל — איז פאַר וועמען אַן אָביעקט, אַ דינג-אַנזיך? פאַר מיר, אייער געטרייען לעזער, משה נאַדיר. נעמט מיך אַוועק פונם קידוש-גלעזל — און ס׳קידוש-גלעזל הערט-אויף צו זיין אָביעקטיש, ווייל עס איז נישטאָ דאָס ביסל סוביעקט, וואָס זאָל דאָס אָביעקטירן — .

׳דאָס איז צוליב קעגן דעם, וואָס עמעצער האָט מיר ערשט מיט אַ מינוט קריק אַ זאָג געטון: נעוראַסטעניע.

*

איך בין מיר, הי-האָ, אַ נעסט פאַר... טראַכטונגען, גוט. קומען אָנצופליען די בידנע געדאַנקען, ווי פייגל, פון רעגן צענעצט. פון וועטער צעגעסן און זאָגן: „גוטער פריינט, לאָז אַריין, אַנישט קומט אונז אויס, חלילה, נעכטיקן אין דרויסן". איך לאָז אַריין די טראַכטונגען, גיב זיי מיין גאַנץ איך-גע-צעלט. וואָיעווען זיי דאָרטן, זינגען, ליבלען זיך און... אָן מיר פאַרגעסן זיי.

אָבער קיין שלעכט האַרץ האָב איך אויף זיי נישט. ווי די נעסט קאָן נישט האָבן קיין בייז האַרץ אויף די שוואַלבן,

וואָס האָבן זי געבויט, ווי אויף די ליידיקייטן, וואָס פייפן דאָרטן, ווען די שוואַלבן פליען אַוועק.

כ׳בין ביי אייך אין די הענט, שקלאַפן מיינע! איך מוז דערקוויקן מיין טערמין און פאַרטיק ווערן און אַהיימפאָרן אויף... שבת.

פאַרשטייט איר מיך, טראַכטונגען מיינע?

*

ווי מיין פריינט פון דער ענגלישער פרעסע שרייבט מיר:

דאָס לידער-בוך — נו, דאָס לידערבוך! אָבער די פליג, וואָס איז צווישן די שורות באַגראָבן געוואָרן! אָט-איז (שרייבט ער) דער קליינער זילבערנער פליגל פון דער טויטער פליג אויף דעם וואָרט „גאָט", איר פליגן-בלוט אויף דעם וואָרט „רחמנות" — איז דען וועלכס עס איז וואָרט אינם לער-בוך פּאַעטעטישער ווי... דאָס פאַרלוירענע לעבן פון אַ — פליג?

דער ווילן (שטייבט ער) איז דאָס גרעסער-ווערן פון דער נשמה, די אויפשטייפונג, דאָרט ווו די נשמה ליגט ווייך און מיד — איז קיין שפּונג נישטאָ.

נעם-אָן (שרייבט ער) אַן עמער מיט שאָטנס און גיס אים קריק אין ברונעם אַריין — וועט דער ברונעם ווערן פולער?

אַן ענלעכס שרייבט מיר מיין פריינט פון דאָרטן-און-דאָרטן, ווו סעקרעטאַרן וווינען, און ווו פלעשער טינט זענען גרויס און בלאָ און וויכטיק!

*

אויף מיין טישל געלע בלימלעך — ווי פּיסקלעך אָפענע פון יונגע הינדלעך. אויך איז מיין אויג אַ בעל-חוב. אויך די געלע, געלע בליענישן מוז איך אין מיין לעבן אַריינשטעלן און פאַרזיגלען מיט מיין טראַכטן.

און די פּיאָלעטענע זיידענס פון מיינע פאָרהאַנגען, — און די פיר געטרייע ווענט, און די ביכער, און די עטלעכע

עפל. און דעם גאַנג פאַלשע ציין אויף דעם וואַש-טיש אין מיין באָד-צימער, און די אָפּגעקראָכענע צעפּלאַטשיקטע זייף, און די גאָל-קלינגלעך די פאַרראָסטעטע...

...איך גיי-נאָך מיין אויג, מיין אויער, מיין בויך. מיין פוס... ווו זיי זענען — בין איך, ווו זיי זענען נישט — ווייז איך נישט מיין פנים. קאָנען זיי דען עפּעס מער פון מיר פאַרלאַנגען?

*

ס'איז דריי-פערטל נאַכט —.

אין דרויסן געשמאַקער חושך. ריטמישער רעגן.

אינעווייניק — דער גוטער, ווייסער שלאָף. מידקייט רייט אויף מיינע הענט-קנעכלען. הייסט פאַרטיק ווערן, און קריאת-שמע לייענען...

אָבער צו וועלכן גאָט?

צו דעם פון „קוגל און חרוסת”? צו דעם פון ווייַרויך און... גלאָקן-שפּיל? צו דעם, וואָס רייצט אָן די פלוי אויפן עלעפאַנט, דעם עלעפאַנט אויף דער פליג?

*

נעוואַסטעניע.

גאָט זיצט אין הימל און באַשאַפט... אסטמא. פּרוווט אליין אויס יעדעס ביסל אסטמא, איידער עס גייט אַרויס פון הימל-פאַבריק, וואַרפט-צו אַ כריפּ, ווו מ'דאַרף, שטעלט אַריין אַ פייף...

דער מייסטער איז פּינקטלעך, דער מייסטער איז פּערפעקט!

דערנאָך אַ זיגל, אַ נומער, אַן אדרעס. יעדער ביסל אסטמא אויף זיין אָרט. געאָמעטריש, אָרדנונגיש.

אָבער אַ קליינער טעות מאַכט זיך אַפילו ביי געטער — ניין, זיי שפּילן זיך אין טעותן... זיי באַשאַפן אומישנע

טעותן, פון פאַרדרוס, וואָס זיי זענען אַזוי מעכטיק און קאַפּריזנע — אַז זיי קאָנען פון זיך אַליין נישט אויסהאַלטן.

...האָט מען (אין הימל) געזיגלט און צעשיקט די נייע אסטמאַס, און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איין אסטמא איז דאָ צ ו פ י ל... קיין מענטש נישטאָ פאַר איר.

וואָס טוט מען ?

פאַרקנייטשט די גאָטהייט דעם שטערן און טראַכט און טראַכט און זאָגט אַזוי !

— ...אַוועקוואַרפן די איבערגעבליבענע אסטמא, קאָן מען נישט, ווייל אַלצדינג, וואָס איך באַשאַף איז — אויסגעצייכנט! דעריבער קאָן מען נישט לאָזן אַן אסטמא אַרומגיין ליידיק... וועל איך באַשאַפן אַ מענטשן ספּעציעל פאַר דעם צוועק, ער זאָל... ליידן פון אסטמא, און איצט (מאַכט ער) זאָל א יעדער איינער אַזוי גוט זיין און מיך נעמען לויבן אין הימל אַריין און זינגען הללויה...

*

דער פילאָזאָף פרעגט, פאַרוואָס די זון גייט אונטער — און דערווייל גייט די זון אונטער פאַר זיינע אויגן, און זיינע אויגן גייען אונטער פאַר דער זון.

טרייסט פון פלוידער-מילן, וואָס מאָלן ווינט.

גנאַד פון ווערטער, וואָס עסן ווערטער, וועלכע עסן ווערטער...

אַזוי האָט געזאָגט נעוראַסטעניע. — —

# אָפּגעמעקטע שריפטן

אַז איך האָב גאָרנישט וואָס צו טון, עפן איך אַ פּעקל מיט אַלטע בריוו, לייען זיי איבער — זיי זענען אַזוי פרעמד, אַזוי נישט־צום־גלויבן! האָב איך יענע און יענע פרוי ליב געהאַט? האָב איך יענע און יענע ווערטער געשריבן? ווי אַלט דאָס איז, ווי פאַרקלונגען!

*

איך בין מיט אַ יאָר עלטער געוואָרן. מיט 18 פונט גרינגער געוואָרן. וווהין זענען אַהינגעגאַנגען די 18 פונט מיינע? אַכצן־פונט! אַזויפיל וועגט דאָך אַפילו נישט אַ פוס. שטעלט זיך פאָר: איר שטייט אויף אין אַ שיינעם פרימאָרגן און איר זעט עס פעלט אייך אַ פוס? וואָס פאַר אַ געוואַלט איר וואָלט געמאַכט!

און נאָך אַ רעטעניש: פון וועלכן טייל פון מ. ב. פעלן די אַכצן פונט מערער, פון וועלכן ווינציקער? האָב איך מיך געערגערט מיטן האַרץ, אָדער מיט דער פלייצע? האָב איך געמאָרעט די ריפּן אָדער די באַקן? די נשמה אָדער דעם קאָרק?

*

אַז איך האָב נישט וואָס צו טון, זוך איך אויס די אַלטע בריוו און לייען זיי. די בעסטע, די ביטערסטע זענען פון

ק. ט. חבר, ווו ביסטו היינט? האָסטו דיך אויפן צלם אויפגע-האַנגען, און דיינע ווונדן בלוטיקן? דיין מאַסקאַראַד פאַר אַן אמת געמאַכט, ווייל דער אמת איז אַזוי אומווירדיק און קליין?

און דו, מוישל טייערער! דו חדר-חבר מיינער, וואָס האָסט דיין מאַמען דעם לעקעך צו די פיס געוואָרפן, ווייל זי האָט נישט געבראַכט גענוג לעקעך פאַר אַלע קינדער — ווו ביסטו איצט? ווי איז דיין לעבן? האָט עס ווי אַ גרויסער גלאָק ערגעץ אַריינגעקלונגען? איז עס ווי אַן אָפּגעשניטענער רעגנבויגן אין דער פּאַרק-מערטער צייט אַריינגעפאַלן? האָסטו גענוג ברויט פאַר דיין הארץ און דיין אינגעווייד? איז דיין ליבשאַפט צו גלעמען נאָך אַזוי פרום אין דיר?

*

מוישעלס לעצטער בריוו איז געקומען פון וויען. די צייטן זענען שלעכט געווען. זיין צימער — אָרעם און קליין. דאָס ברויט קנאַפּ, אָבער זיין געמיט איז געווען אַזוי אומבאַרירט, ווי דעמאָלט ווען ער האָט דער מאַמען דעם לעקעך צו די פיס געוואָרפן (אין חדר), ווייל זי האָט נישט געבראַכט גענוג לעקעך פאַר אַלע קינדער.

מוישל שרייבט מיט לאַנגלעך-שפּיציקער שריפט, דיקלעך אָפּגערונדלט דאָרט ווו עס איז נויטיק. די בוכשטאַב-עקן פיין פונאַנדערגעלאָזן אין צירענדיקע ליניעס.

ער שרייבט:

„איך בין פאַראַיאָרן געווען אין אינדיע. דאָס עסן איז ווי ווייררויך — אַן טעם פאַרן גומן. אין אינדיע קאָכט מען פאַר דער נאָז, ביי אונז פאַרן גומען. אָבער שענער איז אונזער שפּייז: איך דערמאָן מיך אין אַ „נאַטור-מאָרט" פון געלבלעך גרינע שאָלאָטן, ברוין-שוואַרצע מאַסלינעס, רויטע רעטעכלעך..."

...דערנאָך אין כינא. דאָ האָט אַ שענס פּאַסירט, נאָר אַ געשיכטע צו מאַכן דערפון. דו יצחק, באַשרייב עס!

איך וווין אין אַן איירעפּעישן פּאַנסיאָן. די דינסט איז אַ כינעזער מיידל. בײַ מיר אין צימער שטייען דריי געשמאַ-

קע, רויטלעכע, דינע גלעזער. האָט זי איינס צעבראָכן. געווען אויסער זיך פון שרעק. איך אַליין בין געווען אַביסל בייז, אַ געשריי געטון אויף איר. אָבער, אַז זי איז געקומען נענטער און אונטערגעשטעלט דעם שיינעם קאָפּ, האָב איך איר אַ קוש געטון. (אין כינא קושט מען זיך קיינמאָל נישט). זי איז אַוועק אַ פאַרשעמטע. אָבער דער אייראָפּעישער קוש האָט אין איר, אַפּנים, אַ גוטן טעם איבערגעלאָזט. שפּעטער מיט עטלעכע טעג, אַז איך בין אַהיימגעקומען פון גאַס, האָט זי מיר אַנטקעגנגע־טראָגן אַ צעבראָכענעם קרוג און — די באַק.

„קושט מיך!" האָט זי געזאָגט. „איך האָב די שטראָף פאַרדינט".

זי האָט געמיינט, אַז דער קוש איז אַזאַ מין שטראָף ביי די אייראָפּייער.

„ווי שלעכט, (אָדער ווי גוט) די מאַנדלאויגיקע מענטשן פאַרשטייען אונז!"

*

איך זוך צווישן די אַלטע מאַנוסקריפּטן און געפין — אָפּגעמעקטע שריפטן. די צייט איז שטאַרקער, ווי מיין בליי־פעדער! און שרייבן מיט פען־און־טינט פויל איך מיך נאָך אַלץ, ווייל מיין פען קלעקט שטענדיק, און די טינט איז (שטענדיק) וואַסערדיק — און די ליטעראַטור פון דער וועלט איז (סיי־ווי־סיי, מיין איך), ווי די זאַמד־פיגורן ביים ים, וואָס אַ קינסט־לער מייסטערט־אויס. ביז דער צופלוס קומט, ביז דער שטורם קומט.

*

איך האָב היינט געלייענט אַ בוך, וואָס איז בעסער גע־שריבן, ווי מיינער, און איך בין שלעכט אויפגעלייגט.

און פון גריבלען זיך אין דעם אַלטן שמות־קאַסטן, האָב איך שוין אַ נאָז־קאַטאַר!

# דאָס־דאָ אײער נאָרד־פּאָל?

גוטן־אָװנט. האָט איר שױן הײנט אַנטדעקט אײער נאָרד־פּאָל? אײלט זיך צו! װאָרין בײרד האָט שױן אױך אַנטדעקט, איצט זיצט די אַמונדסען־עלסװאָירט עקספּעדיציע און װאַרט, אין שפּיצבערגען, זי זאָל אױך קאָנען צולױפן און אַ אַנטדעקטון.

װאָס איז דער חידוש? — די װעלט איז די לעצטע יאָרן אַזױ אײנגעשרומפּן געװאָרן, אַזױ אײנגעלאָפן — װי װאָלשטאָף אין הײס װאַסער. דאָס לעבן האָט פאַרלױרן זײן רױען טעם, — װײל מ׳קאָכט עס און מ׳פּרעגלט עס, מ׳צװאָגט עס און מ׳פּוצט עס — ביז עס װערט דאפון אַ ליאַלקע אָדער אַ מאַלפּע — באַפּט מען זיך צו יעדן נײעם סטימול, װי צו עפּעס אַן אַלכעמיע, װי אַ לעבנפּראָשעק.

שלעפן זיך מענטשן אין אַל־די גוטע יאָר, שטעלן די לעבנס אײן, כּדי צו קאָנען אַהײמקומען און זאָגן: „איך האָב מיט מײן אײגן מױל אַראָפּגעשפּיגן אױפן נאָרד־פּאָל.“

*

איך האָב נעכטן אַנטדעקט, אַז דאָס אַנטדעקן איז אַ פײנער צײט־פאַרטרײב.

איך האָב דאָס דערצײלט מײן פרײנט קאָסטלשפּענער, האָט ער זיך גאָרנישט פאַרװוּנדערט. ער האָט נאָר אַ צעצי

געטון אַ זינגענדיקן שמייכל איבער זיינע ליפּן, ווי אַ טאָן איבער אַ האַרמאָניקע, און געזאָגט: „בײַ מיר איז עס קיין נייעס נישט. איך זאָג אַלעמאָל צו מיין עטאַן: „רעק דיך צו, עטאַ, כּדי איך זאָל דיך קאָנען אויפדעקן".

דאָס אַנטדעקן אַפילו פון אפּיקומן-לאַנד, אָדער די עקספּעדיציע צו די... חמץ-אינזלען, וואָס מיר גרייטן אַליין צו, איז אויך אַ פרייד, אויך אַן אַוואַנטורע.

ווייל וואָס איז דען יאָ אַנטדעקט פאַר דעם מענטשן? וואָס איז דען אַזוי גרינגלעך אויסגעפאָרשט, אַז איינער זאָל נישט קאָנען קומען צוגיין און — נאָך אַביסל אויספאָרשן?

איך האָב 22 יאָר אָפּגעוווינט אין ניו-יאָרק, אויפן 23-טן יאָר איז געקומען צופאָרן אַ לאַנדסמאַן מיינער פון דעם קליינעם שטעטל, ווו איך בין געבוירן געוואָרן, און האָט מיך אַרויסגענומען און מיר געוויזן ניו-יאָרק, לויט דעם וועגווייז פון עפּעס אַ דייטש ביכל, וואָס ער האָט מיט זיך געבראַכט, און איך זאָג דיר דעם אמת: מיין ערשט-געקומענער חבר האָט מיר אין איינע אַכט שעה געוויזן מער ניו-יאָרק, ווי איך האָב געזען אין די 23 יאָר, וואָס איך בין דאָ געווען.

*

„אַנטדעק מיך!" זאָגט דער טעפּיך, אויף וועלכן איך זיץ — אָבער איך האָב קיין צייט נישט. „פאָרשט מיך אויס" זאָגט דאָס שטאָלענע האַלב-שיפּעלע, מיט וועלכן איך שרייב, אָבער איך האָב קיין געדולד נישט. „געפין מיך!" זאָגט די פאַליצע פון עדזשקאָמב עוועניו, בראָנקס (אָך מיר, וואָס פאַר אַ זאַפראַנדיקע שיינקייט זי איז!) אָבער... זי איז קאַלט און ווייט. און פליען צו איר, האָב איך נישט מיט וואָס, און גיין צו איר — פויל איך מיך. און אָנקלינגען צו איר — דאָס וועלן מיר זען. אפשר וועל איך צו איר טאַקע באַלד אָנקלינגען.

„ווייט?" „קיין זאַך איז נישט ווייט, ווען איר זענט נאָענט דערפון", זאָגט מיין אַסיסטענט-חכם, „ווייט איז נאָר אַ

זאַך צוליב א י י ך, ווײַל איר שטייט ווייט דערפון, אין-זיך-
אַליין (מאַכט ער) איז יעדער זאַך נאָענט.

דאָס איז אַ פּאַרטיפטע פלאַכקייט — ווי דער אײַנגע-
זעצטער פלאַכער דנאָ פון אַ בלעכענער טאַץ. איר פּאַרקאַ-
טשעט ביידע זייטן, און עס ווערט טיף. אָבער עס איז נישט
די באַוואָרנטע טיפקייט, וואָס קאָן עפּעס האַלטן אין זיך, עס
איז די טיפלעכקייט, וואָס רינט פון ביידע זייטן — זאַמלט
גאָרנישט אויף.

*

פאַר אַנדערע איז דאָס געפיל פון ווייטקייט אַ צו-כּח.
פאַר מיר איז דאָס אַן אָפּ-כּח, ווי אין דער ליבע, (האָ-וואַ!)
איז אין דער ווייטקייט פאַראַן צווייערליי צי-כּוחות: 1) דער
כּח פון דעם מאַגנעט, 2) דער כּח פונם וואַקואום.

פאַר מיר איז די ווייטקייט — די אומענדלעך-רונדע ליי-
דיקייט, וואָס שרייט און רופט און שרעקט-אָפּ.

ווי מיינט איר? די ווייטקייט רופט צו זיך? ניין. זי
רופט, מען זאָל זי אַוועקנעמען פון דאָרטן, ווו זי איז. זי
רופט — מען זאָל זי אַוועקפירן ערגעץ נענטער, נענטער,
נענטער

אַפילו אַ קאַרטל אָדער אַ בריוו, אַז איך דאַרף אָנשרייבן
עמעצן, איז מיין גרייטקייט צו שרייבן אויך געווענדט אין דער
דיסטאַנץ. פאַר מיר שרייבן אַ בריוול קיין וואַרשע איז צוויי
מאָל אַזוי שווער ווי צו שרייבן אַ בריוול קיין פּאַריז, און
דריי מאָל אַזוי שווער, ווי צו שרייבן קיין טאָראָנטאָ, און 50
מאָל אַזוי שווער, ווי צו שרייבן קיין באָסטאָן.

*

גוט-מאָרגן, האָט איר שוין היינט אַנטדעקט אייער ביסל
נאָרדפּאָל?

איך האָב אין די לעצטע דריי וואָכן אַנטדעקט אַ ריין
יידיש וואָרט אין... „פּאָרוועטס”. אַ חבר, וואָס האָט מיר נישט

געזאָגט, אַז איך קען נישט זיינע נויטן. אַ קאלעגע, וואָס באַקלאָגט זיך נישט, אַז ע-פּע-פּע, ווען ער זאָל שרייבן פאַר גוים!... אַ באַלעבאַטיש מיידל, וואָס איז נישט גרייט אויסצעבייטן איר ערע אויף אַ חופּה-רינגל, אַ דראַמען-מאַכער, וואָס האַ׳ט נישט, אַז די דראַמע איז די העכסטע קונסט... אַ קריטיקער, וואָס פאַרשווענדט נישט דריי מאָל אַזויפיל צייט אויף צו היטן זיין נאָמען, ווי אויף צו שרייבן.

*

היינט האָב איך אַנטדעקט עפּעס אַזוינס, וואָס איז נאָך ביז איצט אינגאַנצן נישט געווען: אַ נייעם טאָג, אַ נייעם דאָנערשטיק. ביז היינט האָט נאָך דעם-אָ דאָנערשטיק קיינער נישט אַנטדעקט. איך בין אמת שטאָלץ אויף דעם!

*

גוט-מאָרגן. האָט איר שוין היינט אַנטדעקט אייער נאָרד-פּאָל?

איילט זיך צו, קינדער, איידער אַנדערע איילן זיך צו און קומען צום נאָרד-עק און גיבן אַ פאָרש-אויס אַלע זיינע זיבן שנייען און אַלע זיינע פופציק פרעסט! אויב איר קאָנט נישט אַנטדעקן נייע פּאָלוסן אָדער אַ לאַנד, אַנטדעקט כאָטש דעם אַנטדעקער פון דעם פּאָלוס. אַנטדעקט די קאָליר פונם נאָז-טיכל, וואָס ער האָט געהאַלטן בײַ דער נאָז, בעת ער האָט אַנטדעקט דעם געוויסן פּאָלוס. טאָמער האָט דאָס שוין עמעצער אַנטדעקט פ אַ ר אייך, טאָ קומט אַרויס און אַנטדעקט אָט-דעם פאַקט פאַר דער וועלט, ווי... אַ גרויסע אַנטדעקונג.

איך קען אַ בחורל, וואָס האָט זיך באַרימט געמאַכט דערמיט, וואָס ער האָט בײַ יעדער געלעגנהייט געשריגן, אַז... ס׳איז נישטאָ בײַ אונז יידן, וועמ ס׳זאָל אים אַנטדעקן! ער איז (האָט ער געזאָגט) אַן אַמעריקע, וואָס דאַרף אַליין פאָרן זוכן זיין קאָלומבוס.

דער סוף איז געווען, אַז ווען דער באַרג איז אַרויפגע-

וואַקסן צום טומאַן, איז שוין דער טומאַן נישט געווען... ער האָט שוין לאַנג געהאַט אָפּגערעגנט זיינס, און האָט איצט ערגעץ געקאָכט זיך אין אַ טעפּל בעבלעך.

*

דאָס אַנטדעקן דעם נאָרד-פּאָל איז אויך געוואָרן אַ מין צאַפּענשפּיל.

## אין זיינע ליבעס בריוו

האָט קיין מורא נישט, ליבע רעדאַקציע.

איך וועל נאָך ווייטער גיין מיט מיין זיידענער געדאַנקען-טאָרבע איבער די הייזער. אָבער היינט איז בא מיר יאָרצייט: פונקט היינט א יאָר האָט אן אָטאָמאָביל פון א רייכן פעלץ-סוחר איבערגעפאָרן ס׳קליינע הערץ פון מיין פעטער שיינער אנגאָרא-קאַץ, וואָס איך שרייב וועגן איר אזוי זעלטן, ווייל איך האָב זי אזוי ליב געהאַט.

*

לכבוד איר, לכבוד די שיינע מילך-נעכט און די וועלדלעך, לכבוד דער פיינער פוטער-פעל, וואָס האָט מיר געטריי אָפּגעגלאַנצט די שיך אין מיין פאַרשטויבטן גאַנג איבער דער וועלט.

אויך אביסל לכבוד מיין פוילן-זיך אָנצושרייבן אן אייגענעם „פון נעכטן ביז מאָרגן”, גיב איך היינט איבער א ליבע-בריוו פון גוסטאַוו פלאָבער — אין מיין אויסערגעוויינטלעך פרייער איבערזעצונג.

(דאָס איז דער אָנהויב, האָב איך מורא, פון א בינטל בריוו, וואָס וועט זיין אמתע מיצנטשלעכע דאָקומענטן. דיכטער, שיקט צו אייערע אַלטע ליבע-בריוו, מירן אייך צאָלן מיטן זעלבן ריינעם גאָלד, ווי די רעדאַקציע צאָלט אונז.)

*

טייערע!

...פאַרוואָס איך מייד אויס צו זאָגן, אַז איך האָב דיך ליב „אויף אייביק“? דערפאַר ווייל דער מאָרגן ליגט מיר אויף די אויגן. די אויגן מיינע זענען געשלאָגן מיט זעהענדיקייט, בין איך בלינד, ווי די זון, און אַלץ-זעהענדיק!

שטענדיק, ווען איך זע אַ קליין קינד, טראַכט איך: אָט דאָס וועט אַמאָל זײַן אַלטער, צעקנייטשטער מענטש זיין. אַ וויגל דערמאָנט מיך שטענדיק אָן אַ מצבה. דורך אַ נאַקעטער פרוי זע איך איר סקעלעט.

דעריבער טרויער איך שטענדיק איבער די גוטע זאַכן פון דער וועלט, און די טרויעריקע רירן מיך נישט...

איך וויין צופיל אין מיר אַריין. האָב איך דערפאַר קיינמאָל נישט קיין פאַרוויינטע נאָז.

אַז איך האָב געהאַט אַ געליבטע אין מיין שלאָף-געצעלט, האָב איך שטענדיק געוואָלט פון איר אַוועקגיין, פריי ווערן. אַז זי איז אַוועקגעגאַנגען, האָב איך געקושט דעם אָנדענק פון איר שאָטן-צימער אויף דער וואַנט.

*

דו גלויבסט (שרייבט ג. פּ. צו זיין קאָראַן, ווי איך פלעג שרייבן צו מיינער), אַז דו וועסט מיך שטענדיק ליב האָבן. און פאַר אַ סימן גיסטו מיר אָן, אַז דו האָסט דיין פריערדיקן געליבטן אויך אַזוי הייס ליב געהאַט. נו, זע אַליין!

ווען איך זאָל וווינען אין פּאַריז און אַלע פאַרנאַכט זיצן בײַ אַ קאַפע-טישל אויפן בולוואַר און זיך אויסלערנען די פיינע ווערטער פון די ביידע ליבהאָבער וואָלט איך עס אַנדערש געמאַכט. אַזוי אָבער בין איך נישט געשליפן. מיין ליבע צו דיר איז ווי אַ שטיל וואַסער, וואָס קושט די ברעגן, וואָס עס

באַרירט און נישט ווי אַ ווילדער שטראָם, וואָס מאַכט אַלצדינג בלאָטיק.

ווען איך וואָלט געוווּסט, אַז דו ליבסט מיך נישט מער, וואָלט איך אפשר געשטאָרבן. אָדער, אַז נישט, וואָלט איך מיר אויסגעזוכט אַ נייעם סאָרט פּאַפּיראָסן, און דער בילי̇קער אויס־פּאַרקויף פון מיינע מאַנוסקריפּטן וואָלט אַלעמען דערפרייט.

*

האָב קיין מורא נישט — שרייבט מער־ווייניקער פּלאַ־בער — איידער איך וועל דיך אויפהערן ליב צו האָבן, וועל איך דיך האָבן שטאַרק־שטאַרק ליב געהאַט — אויף אייביק...

...היינטיקן חודש וועל איך דיך באַזוכן. שרייב מיר וועלכע טעג, אין אָנהויב חודש, איך זאָל דיך אויסמיידן.

דיין בילד שטייט אויף מיין טישל, אַן אַלטע ליולקע ליגט נעבן דיין בילד. איך האָב אייך ביידן ליב — איר גע־שמאַקע, אויסגערויכערטע!

פאַר מיר, מיין טייערע, איז די וועלט: לעקעך און בראָנפן, און צילינדער־היט, און פיינע פערזן.

לאָז מיך דיך ביטער ליב האָבן, געליבטע, (ווי מאַנדלען זענען ביטער!) דאָס זיסע ביסל שאָקאָלאַד־וואַסער פון דער ליבע וועלן דיר אַנדערע אונטערטראָגן אין גאַנצע צעבערס.

איך בענק נאָך דיר, געליבטע, ווען דו ביסט נישטאָ. און איך בענק נישט ווייניקער נאָך דיר, ווען דו זיצסט אויף מיין קני, אָדער ליגסט אין מיין בעט.

*

דער הימל איז קלאָר. די מאַטראָסן זינגען. ווינט־און וואָלקן — נישטאָ. דאָס וואַסער איז ווייס אין לבנה־ליכט, טונקל — אין שאָטן. זעסטו מיך, געליבטע, דאָ־אָ, מיטן שלאָפ־מיצל אויפן קאָפּ, ווי איך געניץ אַרויס דורכן פענסטער?

דאָס דאַרפסטו נישט זען.

אין מיין גאַקעטקייט בין איך פאַרשטעלט. נאָר ווען דו זעסט מיך נישט, בין איך אויסגעטון. אַפילו ווען איך בין אָנגעפּעלצט ביז צום האַלז און כ׳טראָג אַ שלאָף-מיצל.

איך האָב נעכטן, דאַכט זיך מיר, געחלומט פון דיר.

די פאַרב פון מיין חלום איז געווען מאַראַנץ.

ווילסטו, מיין טייערע, פאָרן קיין ירושלים און עסן מיט מיר מאַראַנצן? און קוקן, ווי די פאַרליבטן אַפּן אויף די בוימער לויזן זיך איינס ס׳אַנדערע?

איך גלויב נישט אין דער פאַסקודנער צערטלעכקייט פון דער ליבע. קינדער, וואָס ווערן „צאַרט דערצויגן“, קאָנען לאַנג נישט לעבן. דאָס אייגענע איז מיט — —

דאָס לעבן איז אַן אומריינע זאַך, און דאָס, וואָס מען וואַשט זיך דעם נאָפּל פון דרויסן, העלפט נישט...

דער שטורעם איז באַשאַפן פאַרן ים. די טרער אויפן אויג האָט פאַר אים קיין מורא נישט! איך מוז דיך ליב-האָבן, כדי צו קאָנען שרייבן עלעגאַנטע לידער. הער מיך נישט אויף ליב צו האָבן, געליבטע, אַז נישט וועט זיך מיין פאַרלעגער בייזערן.

...הימל איז אומענדלעך בלויז צוליב די פּיצלעך שטערן, דער ים — צוליב זיינע טראָפּנס וואַסער.

מיין גאַנץ געזאַנג, איז אַ בליק פון דיין אויג, וואָס איך טראַכט אויס. דיין קוש איז נישט נאָר דיין אָטעם, נאָר מיינער.

איך האָב דיך ליב אומזיניק, אומזיניק, ווייל דו האָסט ליב מיינע שריפטן. קריטיקיר נישט!

איך וואָלט געוואָלט זיין אַ ראָמעאָ און דיך קומען ביינאַכט אַרונטערנעמען דורכן פענסטער. פאַרוואָס גייסטו מיט מיר אַראָפּ פון די טרעפּ? פאַרוואָס וואַרטסטו נישט אויף דער לייטער? און פאַרוואָס לאָזסטו זיך אַזוי גרינג?

איך בין נישט קיין נאַכטיגאַל, וואָס זינגט אין וואַלד, כדי זיך צו באַרימען, נאָר אַ גראָזשפּרינגער, וואָס זינגט פאַר זיך אַליין...

...מיין טראַכט-לאָמפּ גייט אויס. מיינע שורות הויבן מיך

אָן לאַנגווײלן. אָבער נאָכאַמאָל איבערקוקן מײן בריוו פֿויל איך מיך...

זאָל בלײַבן, ווי עס איז.

דער ערגסטער ווי־עס־א י ז איז בעסער, ווי דער בעסטער ווי עס־איז־נ י ש ט.

...אין מײַנע שאַפֿעס הענגען אַלטע קלײדער. איך וועל זײ קײנמאָל מער נישט טראָגן. אָבער איך פֿויל מיך זײ אַרויסצוּוואַרפֿן. זײ זענען אַמאָל געלעגן אויף מײַן לײַב.

בלײַבן זײ הענגען.

אָפּטמאָל גײ איך צו צו דער קלײדער־שאַפֿע, קוק אויף די אַלטע קלײדער און טראַכט זיך מיר, וואָס איך וויל.

דו דאַרפֿסט עס נישט וויסן געליבטע.

*

און באָדלער שרײַבט — מער ווײניקער — צו זײַן מאַדאַם סאַבאַטיע:

איך פֿײַף און האָב גרויס צאָנווײטיק. און שעמען — שעם איך מיך נישט, אַפֿילו פֿאַר דעם סאַמע אינדערמיט פֿון מײַן נאַקעטן שפּיגל!

אָן בושה בין איך!

אָבער דײַנער בין איך, מיט האַרץ, נשמה און צאָנשמערצן!

איך האָב אײַך נעכטן געזאָגט: „איר וועט מיך פֿאַרגעסן, ווי מען פֿאַרגעסט"... און הײַנט זאָג איך אײַך אויפֿסנײַ, „איר וועט מיך פֿאַרגעסן, ווי מ׳פֿאַרגעסט — — —".

איר זעט, מײַנע טײַערע, איך האָב מיאוסע פֿאָראורטײלן צו פֿרויען. איך האָב קײן רעליגיע נישט, און אַביסל צופֿיל ערפֿאַרונג. און דער צאָן טוט ווײ. אָט, מײַן טײַערע, ווו דאָס אומגליק איז!

ערשט נעכטן זענט איר געווען אַ געטהײט. הײַנט — אַ ווײַב.

ווי גיך איר האָט זיך דערהויבן!

איך ווייס, — שרייבט באָדלער — צו דער בריוו מיינער וועט אייך קרענקען, אָבער ס'איז בעסער איר זאָלט זען די אָפּגעריבענע זייט פון מיין כאַראַקטער, און זיך פאַרבערייטן מיך פיינט צו האָבן, ווען איך וועל אייך צוועקוואַרפן.

*

און אַ דריטער דיכטער (מיר קאָנען זיין נאָמען נישט אויסזאָגן) שרייבט אין זיין ליבע־בריוו:

טייערע! דו שרייבסט, אַז דו האַלסט ריין דיין מויל. דו רעדסט נישט קיין גראָבע רייד, פון מיין ערפאַרונג אַלס מאַטראָס, ווייס איך, אַז פרויען וואָס האַלטן ריין זייער מויל, טוען עס אָפט, ווער־ווייסט צוליב וואָס. זיי געזונט, און שרייב, צי די האָסט געלעזן משה נאַדירס נייעם בוך „אונטער דער זון".

## פונדעסטוועגן איז פרילינג — פרילינג

מאָנטיק ביינאַכט בין איך פאַרבייגעגאַנגען דעם שיינעם קלויסטער נעבן דעם שפּאַצירגאָרטן, ווי איך וווין, און געזען מענטשן אַרויסקומען מיט געלע פּאַלמען-צווייגן אין די הענט. האָב איך אַ ציי געטון מיט מיינע היפּשע נאָזלעכער און מיך דערמאָנט, אַז ס׳איז — ווי רופטנעס?... פרילינג, און, אַז דער יום-טוב פּסח איז שוין ווידער דאָ און, אַז דאָס לבנהלע איז ווי אַ נייע מצה, דאָרטן אויבן... און די שטערן זענען ווי ניסלעך, וואָס גאָט קנאַקט, לכּבוד יאָנטעף... (איך האָב געוואָלט געבן נאָך פאַרגלייכן וועגן כרעמזלעך פלאַנעטן און מצה-בריי-ענע קאָמעטן... אָבער איך טו עס נישט אויף צו-להכעיס מיין ביטערן קאָנקורענט מ. א. כ., וואָס האָט מוציא געווען אויף מיר אַ שם-רע — אַז לויט מיין ליטעראַרישן קענטעניש אין געבעקס און נאַשעריי — מוז איך נישט אַנדערש, ווי נאָר שטאַמען פון בעקערס!?)

*

פּסח, פרילינג און לבנה — אַלע דריי מיטאַמאָל... משוגע צו ווערן פון שטאָפּרייכקייט!

פרילינג אַליין, — אַז מען שטעלט אים אַריין אין אַ לענגער ליד — וויפל האָט ער די ווערט? די לבנה, אַז מען מעלקט זי אויס אין אַ לירישן מילקשאָף — וויפל האָט די

מילך די ווערט? און דער אָנרויש פון די פסח-אַמאָלן, — אַז מען צולאַכט אים, ווי דער ים צעלאַכט זיין שוים, — און, אַז מען צעשמייכלט אַלע דריי זאַכן מיטאַמאָל, ווי גרויס מוז זיין דער עמער מיט... פאַרדינסט?

פרילינג. פסח. לבנה.

לבנהשי, זאָג — זאָל איך די אויגן פֿאַרשווארצן — אין אַ בלאַט-צייטונג?

פרילינג, איך זאָג אָפן: אַז היינטיקס יאָר, פונקט ווי פאַראַיאָרן, וועל איך נישט זיין „רעספאָנסאַבל" פאַר דעם, וואָס דו טוסט.

איך ווייס, ווי דו (און דיין מאַמעלע נאַטור) פירן-זיך-אויף אין געוויכלאַכע צייטן. איר דאַרפט זיך שעמען, אין אייער וויטן האַלז אַריין.

ווייל דאָס ביסטו דען אויסן, דו פרילינג, מיט דיין בלי-ענדיקע שלאָפבעצטן פאַר... פאָרלעך? וואָס ביסטו אויסן, מיט דיינע „נאַטירלעכע ער-און-זיאיינישן"?

נאַטור, נאַטור: הער-אויף! ס'איז נישט שיין...

*

פונדעסטוועגן איז פרילינג — פרילינג. מער קאָן מען נישט זאָגן, סיידן... ליטעראַריש.

די מעלאַנכאָליק ווערט — יעדן פרילינג — גרין ווי... סם-המות. פאַרגינט זיך אַליין ס'לעבן נישט.

העי דאָרטן, גאָרטן מיינער, דו הערסט? דער פרילינג בעט דיך, זאָלסט אַזוי גוט זיין און זיך אַ נעם טון צו דער אַרבעט. טו אים צוליב, גאָרטן מיינער!... פאַרמאַך די אויגן פאַר דיינע פאַראַיאָריקע קינדער, וואָס ליגן און פוילן באַ דיין צופוסנס! מוטערס שטאַרבן נישט, — נאָר קינדער. אייביק אַזוי. ווייסט, איר מאַמעס פון דער וועלט: דורך טויזנט טויטן גייט אייער לעבן! דער שטראָם איילט זיך פון באַרג אַראָפּ. מיינט, אַז אונטן וועט אים זיין בעסער, צעשלאָגט זיך ס'האַרץ און... לויפט צו דערציילן אַלע זיינע פאַראויסלויפנדיקע

שוועסטער, אַז ס'איז אַ גרויס געפאַר... אָבער — זיי לויפן אויך אויפדערזעלבער מיסיע. קיינער דערגרייכט נישט מער, ווי... דאָס ביסל געזאַנג פונם לויפנדיקן וואַסער.

*

...אָבער די מענטשן גייען פון קלויסטער מיט לבנה־גיש אויף די צעלאַכטע ציין. וויין־פרישע, קילע נאַכט אין די האָר און מיט געלע פאַלמען־צווייגן אין די הענט...

ערגעץ שמעקט שנאה, לבנה און פסח. (דעם פריילינג האָבן מיר סיי־ווי־סיי אין דרערד!)

*

וויפל געדענק איך דיך, פסח? — אַ סך, אַ סך, אַן ערשטער פסח מיט געשמאַקער, גראָבער מצה־מיט־שמאַלץ. אַן הייוועגדיקן וויין פון ראָזשינקעס, וואָס אַרבעט אין בויך ווי אַן אָרגל. און אַ לאַנגער, ווייסער שפּאַציר איבערן „ווינער־וועג"... און אַ באַגעגענען טון — ווערבלעכקייט אויף דינע, ברענענדיקע טאַצן. און אַ פּיצל חלום — פול מיט מיידלפיס, און שמעקעדיקע שטילע שליצכן.

דערנאָך — אין אָנהויב אַמעריקע — אַ פסח, עפּעס אַ פרעמדלעכער, אומפריינטלעכער. מיין שוואָגער טוט מיר אויס דעם שיינעם, סאַמעטענעם יעגער־קאַפּעליוש, וואָס איך האָב געבראַכט קיין אַמעריקע, און טוט מיר אָן אַ האַרטע „דערבי", וואָס פאַרשעמט מיין פּנים און שרייט מיר דורכן שטערן אַריין „אַמעריקע"... ס'איז אַמעריקע". איך דריי מיך אַרום אויף מ'קיבן סטריט, אין ברוקלין, און איך האָרך מיט דער נאָז עפּעס אַ פרעמדע שפּראַך — פון צוגעלעגערטע באַרן, וואָס מען דאַרף מיטן פינגער אַ קוועטש טון, עטלעכע בלאָ־טערן, איידער מ'קאָן זיי עסן, און פון מאַראַנצלעך, וואָס זענען במעט נישט צוגעוואַקסן צו זייער אייגענער הויט... פון פעטע אויסגעלאַסענע באַנאַנען, וואָס טראָגן פוילע העמדלעך, און האָבן אַ גוט האַרץ — צו „גרינע" יינגלעך.

איך געדענק אַ פּסח מיט... טרערלעך און אַ צעשער־בויטן בעכער, אַ נישט־כּשרן פּסח, נאָך מיין ערשטן (צווייטן ?) צונויפקום מיט דער, וואָס איך האָב אַזוי... נישט ליב געהאַט.

איך געדענק אַ פּסח אין דער „סאַוט". מיט פּעטע, קליין־רוישנדיקע מאַגנאָליע בלעטער בײַ אַ פענסטער — אונטער וועלכן איך און זי האָבן דאָס וווּנדערלעכסטע צונויפגעלעבט — דעם טעם פון צוגעברענטע הערצער מיט צוקער... און לאַנגע ים־ברעגן, וואָס האָבן צוגעפּליעסקעט צום טאַנץ פון זינגענדיקע זוילן — — און עפּעס בלאָנדס געדענק איך, און עפּעס פּערל־דיקס, און זיבן טעלערלעך פון הימל געדענק איך, מיט פּוטער ברויט און געשמאַקע — אויסקושן, און נעפּלען פון — דער רוח ווייסט וואָס!

און פיבערנערוון אין פייער אויפן ווינט, ביים וואַסער.

*

און דאָס אידילישסטע:

ס׳איז מיין ערשטע אויפשטייונג.

יונג בין איך אַזוי — די צייט האָט נאָך אויף מיר איר שטיפּט נישט געגנוצט. נאָר ס׳פּאַפּיר אַליין איז גאָלד און ווונ־דער.

האָב איך ליב־ליב־ליב — טויזנט־טויזנט־טויזנט זאַכן: מאַ־מעשי, מאַמעשי, שוועסטערשי, רבישי, דינסטעשי.

אַזויפיל האָט מיין האַרץ ליב, — אַז עס טוט אַזש וויי. נאָר איינס האָב איך פיינט, ביז טרערן: יאַשקעס חזיר — דעם מיטן שוואַרצן אויערל, אויב איר געדענקט.

...ווען איך טרעף אים — גיב איך אַ זעץ מיטן פוס אין מויל אַריין. ער מאַכט „כריש". איך לויף אים נאָך מיט אַ שטיין, ציל מיך אויף זיין נעזל, וואָס זעט אויס ווי אַן אויג: אַ ליש! ער לאָזט ווידער אַרויס אַ קרעכץ. איך לאַך, איך האָב הנאָה. אַ מצוה אויף אים: זאָל ער נישט לעבן אויף מיסט. זאָל ער זיך כאָטש אַרומוואַשן ס׳מויל, אַז ער עסט אָפּ. אַזאַ פּאַסקודנער חזיר, דער שלאַק זאָל אים טרעפן!

דער פעטער איציק זאָגט: „שלאָג נישט דעם חזיר. וואָס איז ער שולדיק, אַז ער איז אַ חזיר? גאָט האָט אים אַזוי באַשאַפן. ס'איז אויף אים געוויג רחמנות, אַז מ'טאָר אים נישט עסן...“

זאָג איך: פעטער, גאָט איז טאַקע אַזאַ קלוגער, ווי מען זאָגט? זאָגט דער פעטער: רעדסט שוין נאַרישקייטן, גאָט איז — גאָט... און שלאָג נישט דעם חזיר! אַז דו וועסט מוטשען דעם חזיר, וועסטו נישט קאָנען זען... אליהו הנביאן היינט ביי־נאַכט... ווען ער'ט קומען אויסטרינקען די כוסה... גיי בעסער, פוץ דיר אויס די ציין — — און מאַך נישט קיין קניפּ אין שניפּסל... אַ שניפּסל איז נישט קיין שוך־בענדל...

— כ'האָב דאָך אָבער פיינט דעם חזיר! — נעם איך מיך איבער ביים פעטער איציק...

— נו, וועסטו נישט זען אליהו הנביאן היינט ביינאַכט, ביים סדר, — מאַכט דער פעטער, און שמייכלט אין זיין קו־פערפאַרביקער באָרד אַריין...

*

ס'איז דער סדר. איך האָב אָפּגעפרעגט די קשיות, און זיך פאַרכליסנעט מיטן מרור, און אויסגעשפּיגן די חרוסת און דעם כרפס, און געגעסן מיט אַפּעטיט די אָפּגעשיילטע אייער, וואָס האָבן זיך געבאָדן אין אַ שיסל מיט זאַלץ־וואַסער און זיך אָנגעזעטיקט מיט הייסער יויך, און מיט קניידלעך, און מיט הינערשע פליגעלעך, און זיך צוגעפרייט מיט דער מאַמעשיס גוטע אויגן, וואָס זענען געווען גאָלדענער, ווי די אייגן אויף דער גאָלדענער יויך, און זיך געשפּיגלט אין מיין טאַטנס קיטל־ווייסקייט, און אין די זילבערנע טאַשמעס פון זיין ווייס־זיי־דענעם קאַפּל... איך בין געווען פאַרשיכורט פונם וויין און פון דער הגדה און פון דער מאַמעס אויגן, און פונם טאַטנס גע־זאַנג... די צעליכטיקטע שטוב איז געשווומען פאַר מיינע אויגן, ווי אַ ברענענדיק שפּענדל — אויף אַ שטיל בלאָ וואַסער... איך האָב געקוקט אויף אליהו הנביאס גרויסן כוס, וואָס איז

געשטאַנען איבן-אָן און געוואַרט, אַז מ׳זאָל שוין זאָגן שפוך-חמתך, און אליהו הנביאשי זאָל אַריינקומען.

— „יצחק... ני-אָ?...‟ — האָט דער טאַטע געוויזן מיט אַ פינגער צו דער טיר.

דאָס האַרץ האָט זיך מיר אַ הוידע געטון — פון שרעק-פרייד. איך בין געגאַנגען אויף די שפּיץ-פינגער אין דער קילער טונקעלניש פון דער טיר-וואַנט, אויפגעעפנט די קליאַמקע, צעעפנט די טיר און — קריקגעלאָפן.

מיטן טאַטנס האַנט אַרום מיר, האָב איך צונויפגענומען מוט אַ קוק צו טון: אַ פרעמדער חזיר איז געשטאַנען אין טיר, א שוואַרץ-גרויער, מיט קנעפלדיקע אויגן און מיט אַ געבייגלטן עק.

די מאַמע האָט זיך דערשראָקן, דער טאַטע האָט עפּעס אַ וואָרף געטון צו דער טיר. דער חזיר האָט געמאַכט „קווי—ש‟... און איז אַוועק.

— דאָס איז דען געווען אליהו-הנביא? — האָב איך גע-פרעגט דעם טאַטן.

— רעד נישט אַזוי... — האָט געזאָגט דער טאַטע, מ׳טאָר אַזוי נישט רעדן...

*

...פון יענער נאַכט אָן האָב איך אויפגעהערט מוטשען יאַשקעס חזירל און אים וואַרפן שטיינער... פאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז אַ חזיר נישט נאָר אַ חזיר, נאָר... ווער ווייסט? מ׳קאָן נישט וויסן...

ון די יינגלעך האָבן זיך מיט מיר געררייצט:

- איציקל, איציקל, נאַ גיב דעם חזיר אַ שטיקל ברויט מיט האָניק... ער איז נעבעך פאַרשמאַכט!...

# דער ניקלמאַן

דער ניקלמאַן — איר זעט אים אַלע טעג. ווייטיקט אייך ס'האַרץ אויף אים? איר גייט אייך פאַרביי, צעבייט אייער מטבעה, אָדער אַסיגנאַציע, אויף ניקלס, גיט אַ דריי ס'רעדל. און לויפט — כאַפּן אייער „סאָבוויי".

*

עס וועלן קומען טעג. וואָס וועלן פון אונז אַלע נישט וויסן. פרעמדע מענטשן וועלן אומגיין אויף אונזער ערד, האַנד-לען, וואַנדלען, ליב-האָבן, לעבן, און נישט וויסן, אַז זיי זענען פרעמדע, אַז די וועלט קער גאָר צו אונז, די געוועזענע, די, וואָס לעבן איצט.

די צייט איז אַזוי דעמאָקראַטיש. זי גלייכט-אויס, לייגט שטויב אויף די ליפּן פון די מענטשן, וואָס האָבן פיינע און געמיינע ווערטער גענוצט, דורכרעם זיך אָפּגעטיילט איינס פון ס'אַנדערע. דער סאַמע בליצפּונקט פון אונזער תכלית איז, ווייזט אויס, דאָס העמד וואָס מיר טראָגן, דאָס בוך, וואָס מיר לייענען, דאָס וואָרט, וואָס מיר זאָגן.

ז. מאוד זאָגט: אַז אַ מענטש האָט אומריינע הענט, איז דאָס בלויז פון אויבנאויף, אויבערפלאַכיק זעט מען די נישט ריינע הויט, אָבער אונטער דער הויט איז כמעט יע-דער מענטש ריין.

*

מאַרטירער טראָגן קרוינען פון דערנער, אָבער דאָס איז אויך — דערהויבנדיק. די נאָבלקייט פון אַ זעלבסט-ווונדן איז אויפן האַרץ, ווי אַ מעדאַל. דער „נזיר'' האָט זיין העמדל פון שטעכיקע ציגענהאָר, זיין אָפּגעשיידקייט פון מענטשן, זיין וואַלדאיינזאַמקייט. עס איו פיין צו זיין גרויס און זיך אָנבויגן פאַר דער אייגענער גרויסקייט, ווי פאַר אַ נידריקער טיר. ס'איז זיס צו זיין גרויס, ווען אַפילו עס איז אַן אָנשטרענג זיך אויסצוציען אויף די שפּיץ פינגער פון די פיס. אויך דער בעטלער אויף דער גאַס האָט זיין געשענקטן גראָשן, סגעשענקטע ביסל רחמנות, אָבער דער מיטלמעסיקער, דער גראָער, דער קליין-תכליתדיקער, — ווער האָט אַ טרייסט-וואָרט פאַר אים, אַ גלעדי-ליד פאַר זיין הייליקן מיטוואָך-צונאַכטס?

איך גיי אים פאַרביי און גיב אים מיין מטבעה, מיין כאַפּירל. דאָס ערשטע וואַרפט ער אויף אַ שטיקל מגטאַל, פּרוווט דעם קלאַנג, דאָס צווייטע האַלט ער פאַרן ליכט, זוכט די זייד-פעדים, וואָס זענען דער סימבאָל פו.ם פאַפּירענעם געלט-אמת, וואַרפט אַרויס אויסגאָב — קאַלטע, גלאַטע, „ניקעלעך'', וואָס בלייבן שטיין אויף די גייבלאַך אין מאַרמאַלשטיין, פאַר דעם פויר-ברעטל פון דער קאַסע. איך שאַר זיי אין דער האַנט אַריין, דערנאָך אין קעשענע אַריין, און לויף אַראָפּ אין באַן-טונעל, און איך וואַרט אויף דעם אָנקומען פון דעם גרינעם, אָדער רויט, אָדער געלן ליכט, וואָס איז דער סימן פון דעם צוג, וואָס איך דאַרף נעמען. איך פאָר אַהיים, פאַר אויסלייגן מיין טעגלעך געווינס אויף די רייפּטערס פון שפּינוועבס, פאַר טרינקען מיין קאַווע, עסן מיין קוכן, רויכערן מיין ציגאַר, פאַר אויסהאַמערן נייע גאָלד-שאָטנדלעך פאַרן קומענדיקן טאָג, פאַר נייע בּרעקלעך האָפענונג-לעקעך צונויפקלייבן.

די באַן לויפט אין דער „אונטערוועלט'', וואָס איז איצט

כמעט די געוויינטלעכע העלפט פון אונזער אויבערוועלט. איך פּרוּוו שטענדיק פֿאַרכאַפּן דעם מאַטאָרמאַנס ווינקל, ווו איך קאָן זיצן אַליין מיט מיינע אומבאַקוועמע, לאַנגע פיס, און איבערטראַכטן דאָס ביסל געדאַנקוואַרג, וואָס פֿאָרט מיר נאָך, פון אונטן און פון פֿאָרנט, ווי שפּיאָנען אומזיניקע, ווי באַגלייטער צו אַ בלי-צוועק.

די אונטערבאַן טראָגט קליינע דונערן אויף די רעדער, צערעדערט זיי, פֿאָרט מיט אייגענעם בליץ-און דונער, דורך אייגענע כמאַרעס, צום אייגענעם הימל, ערגעץ דורך די פֿינסטערע, פייכטע, דראַמאַטישע טונעלן.

די צייטונג-בלעטער זענען אויף מיינע קניעס, — די פֿאַרהאַסטע אומגליק-פּויקערס: „מאָרד, טויט, איבערגעפֿאָרן" — שרייען זיי צו מיר, קאָנען מיר ס'ביסל גרינגע געמיט נישט פֿאַרגינען, אָבער איך הער זיי נישט. מיין אויג איז אויף דער לאַנגקייט פונם טונקעלן טונעל, וואָס די ליכט-סיגנאַלן צעשניידן אויף קלענערקייטן. ווענט בליצן פֿאַרביי, סלופּעס — אייזערנע שטיקער ביטערער סטעלניק, פון משוגענע בינען אויסגעבויט, כדי זייער ענגקייט נישט גראָמער צו מאַכן, נאָר פֿלינקער

*

וואָס ווילסטו טראַכטן, געדאַנק מיינער? פון מאַטן-אָפּאַלן-פייער, פון בלוימענבלויקייט, פון בינטלעך קאַלינעס אויף הויכע פֿאַרפּראָסטיקטע ביימער? ניין, דו ווילסט נישט די ליריק, די עפּיק, די באַלאַדע אפילו נישט, נאָר די אומריטמישע קלייניקייט, דער טיר-טיר-טיר פון אַ באַן-רעדער, דער נאָכשלעפּ פון אַ ניקל-וואָלקן, פון אַן עלנט, וואָס האָט קיין אויגן נישט צו וויינען.

*

דער „גאַרד" הינטערן פֿאַרקראַטעטן קאַסע-פענסטערל: בלייך איז ער, און קויטיק זענען זיינע הענט פון שטענדיקן ניקל-געטאַפּ. „ניק-ניק-ניקל" — דאָס ניקל. „טיר-טיר-טיר" — די

באַן. „אוף-אף“, דאָס אָטעמען, דאָס האַרץ-קלאַפּן, דאָס בלוט-רוישן, ווייטער — גאָרנישט. סיידן אין דער זייט דער רעוואָלווער — צו שיצן מיט זיין לעבן געמיין-בלישטשענדיקע ניקל-אוצרות, די שרעק, טאָמער פאַלט מען אָן און מ׳רויבט ס׳ביסל קלינג-קיילכדיקע מעטאַל, וואָס איז שוויס, אומרו, קראַנקייט. אָט דאָ ליגן זיי אַלע די געקוילעטע שעהן, פון די וויסטע טונעל-אַרבעטער. פון די דערהרגעטע און צעקוועטשטע בויערס, פון די חושך-דיקע לעבנס, וואָס בליצן אַדורך די טונעלן. די ניקלס זענען די גראָע, טויבע בלוט-טראָפּנס, פון מענטשן מיט אויסגעשעפּטער צייט אין זייערע אָדערן, מיט טעמפּן פולס-קלאַפּן אונטער דער הויט, ווי דאָס רעגלמעסיקע שאַרן פון די ניקלס, ניקלס, ניקלס, וואָס פאַלן אַריין, ווי רעגן, אין די אונטערהיילן פון די נישט-גוטע.

*

וואָס בליט-אויף?

לאַנגע, לאַנגע, לאַנגע פינסטערנישן, מיט אַ לאַמטערן פון פאָרנט — צו ווייזן דעם חושך-וועג די ליניע, צו פירן די געפאַר אויף גלייכע וועגן, אויף אָנגעצייכנטע פּלאַנען.

קאַנאַל סטריט.

אַ גרויס געפלוס פון מענטשן. אַ פעטער אויסשפּיי, אַן אַריינצי פון אַ ליידיק-געוואָרענעם קעסל-גרוב.

זיי יאָגן, זיי יאָגן, ווייל דאָס געיעג פון דער צייט און פון דער וועלט און פון די רוימען איז אויף זייערע קעפּ. זיי יאָגן, ווייל זיי שרעקן-זיך פאַרן געיאָגט ווערן, פאַר דעם אָנטרייבער, וואָס ליגט אין דופק, פאַר דעם מערדער, וואָס לאָזט זיין אויג לויכטן, ווי אַ זון.

זיי יאָגן, זיי יאָגן. קאָן מיר עמעצער זאָגן, אויף וועמענס נישט-זיכערע הענט מען וויקלט אויף און מ׳וויקלט אָפּ דאָס שטעל-בעטל פון שאָטן פעדים? איך פרעג ביים קאָנדוקטאָר. ער ווייסט, ס׳איז קאַנאַל סטריט. ער האָט קיין צייט נישט. ער שטופּט אַריין זיין שליסל, און די טיר פאַרמאַכט

זיך. אָפּגעשניטן אַ מאָס מענטשוואַרג אויף „רייזע 171“ — דורך די טונעלן, דורך די קילע, רו־שנדיקע אייביקייטן, וואָס ענדיקן זיך באַלד, באַלד, מאָרגן, נעכטן, שטענדיק.

דער ניקלמאַן איז מיין געדאַנק. איך האַלט אין מויל אַ קאַלטן ציגאַר, און ער העלפט מיר טראַכטן, לויט מאָריס ווינטשעווסקין: „קיין ניקלמאַן, קיין גליקנמאַן, קיין שטיקלמאַן נישט מער“.

און ווייטער:

אַ היים, אַ שטוב, קינדער. דער ניקלמאַן גלעט ס׳ווייב באַנאַכט, די קינדער — באַטאָג. דער טעם איז פון ניקלס, קלטע, גלאַטע ניקעלעך, תכליתלעך. אַלע זיינע טראַכטונגען זענען פאַרניקלט, האַרט, פיש־בליציק, ווי טויטער אומזין, ווי לעבעדיקער שרעק פאַרן טויט.

וואָס איז דעם ניקלמאַנס ביבל? זיין סאַנקט לוקאַס? זיין משה רבינו? זיין הייליקע שריפט? נישט די פאַרבדרוקן פון דער הייליקע (אין דער ביליקער ביבל פון דער „ביבל־געזעלשאַפט“), נישט דאָס טאַפּן פון די ווייכע לעדער־טאָוולען, נישט דער צי פון דעם פרומען בענדעלע, צווישן די גראַמע פּאַליאַנטן פונם הייליקן וועג־ווייז, נאָר דאָז קליינע, האַרטע, ניכטערע ביכל מיט די געזעצן פון דער בי־אַר־טי, מיט די פאַרשרפטן, פון וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר נישט, אין דער וועלט פון קליינע קאַלטע ניקלס, ניקעלעך.

איך זע אים דאָך: ביים געזאָלכט אין זיין אָרעמער היים זיצט ער, אין די שטעק־שיך אָנגעטון, די בלעך־ראַמיקע ברילן געזאָטלט. די ליולקע פון קוקורוז־קאַטשן איז אין זיין מויל. די אויסגעפּאַטשטע קינדער זענען דערשראָקן אַרום די ווינקלען פון שטוב. ס׳ברייטע, קראַנק־פעטע ווייב זייעט־אָפּ די קאַרטאָפליעס און פרווט אַקוראַט טרעפן מיטן פעפער־מעסטל, וויפל פעפער דער שטוב־האַר דאַרף היינט פאַר זיין גומען. די געלע קאַץ מיט די קראַנקע אויגן ליגט בא דעם בידנעם האַרס פיס, פיצסטשעט־זיך ווייבעריש, ער בריקעט זי אומגעדולדיק, בייזערט זיך, סטראַשעט, אַז ער וועט די שטוב

פאַרלאָזן, אין דער וועלט אַריין אַנטלויפן. צי זעט מען דען נישט, אַז ער איז פאַרטון אין לייענען זיין קליין ביכעלע?

שטיל זאָל זיין דאָרטן אין די ווינקלען! דעם פיסק האַלטן, דו ווייב! זעט איר דען נישט, אַז דער האַר און געביטער לייענט איצט די טרוויריק-הייליקע ביבל פון... ניקלס, ניקלס, ניקעלעך?

# שוך, שוך

שוך, שוך, מיט דעם קאָקעטן אויסגעריבענעם קנאַפּעלע און דעם בידנעם גלאַנץ פון אויגן — וואָס זאָגסטו ?

— איך זאָג גאָרנישט. מיין באַלעבאָסטע גייט אַ סך שעהן צהין און קריק אויפֿן טראָטואַר. מיר איז דאָ האַרט און פרעמד. ס'האַרץ מיינס האָט שוין אַ ווונד דערפון, אָט דו זעסט ?...

— און דו, שווערער, ברייט-קנעכלדיקער, ווייבערשער שוך, מיט די צעפּאַטלטע בענדלעך — ווי דיין ווירטינס האָר, און מיט דעם ווייסן אונטערשלאַג, וואָס דערמאָנעט אָן זיין באַלעבאָסטעס באַרכענע אונטערהויזן — וואָס איז מיט דיר דער-מער ? איז דיר אויך האַרט ?

— ניין, מיר איז נישט האַרט. פאַרקערט, מיר איז ווייך. צפּעס אַ ווייך, געשוואָלן, ברייט קנעכל איז אין מיר... איך טו שטענדיק וויי, כאָטש גאָט ווייסט דעם אמת, אַז איך בין נישט אויסן קיין שלעכטס. אדרבא: צעבינדט מיך און לאָזט מיך אויך כאַפּן דעם אָטעם, אָבער דערוואַרגט מיך נישט מיט געשוואָלן, רומאַטיש פלייש... פרעסט מיר נישט אויס די לייוונטענע זייטן, מיט אייערע ברענענדיקע יסורים...

— נו, און דו, קינדעריש פריילעך שיכל, מיט דעם פאַרקאַטשעטן, פריילעכן נעזל ? וואָס טוסטו דאָ ?

— איך ? — דאָס שיכל לאַכט מיט זיבן לעכער און הונ-

דערט קנײטשן — איך שפּיל מיך דאָ אַ װײַלע מיטן זײַדנס גלאַטע אױערן (ער װײזט אָן אױף אַ שטעקשוך מיט איבערגעשראָקענע, װײַסע אױערן). איך בין נישט קראַנק, מיך אַרט נישט אַפּילו, אַז איך הוסט מיט בלאָטע... מיר איז אומעטום גוט און װױל און גרינג, װײַל — דאָרטן־אָ, זעסט, דאָרטן איז אַ זון... און אַ פֿליג טאַנצט.

סע דימערט אין דער שוסטערײַ. די באָרד שלינגט טשװעקלעך און עסט־אױף די שאָטנס. אַ קאַץ ליגט צופֿוסנס בײַ די שטיל־געבליבענע באָרשט־מאַשינען, און קראַצט זיך די פּלײצע אין האַרטן שטראַל פֿון מעש. אַ טשאַטע װײַסע אױערלעך באַװײַזן זיך איבער דעם באַרג, װאָס איז פֿריער געװען... שטיק און לעדערן און איצט איז ער אַ קלאָמפּיק און פֿרעמד און לעגענדיש. די אַלערלײ װײַסע „אױערן" נעמען אונטערהאָרכן די שאָטנס, און די שטילע שמועסן פֿון די האַרן־שיך, און קנעכט־שיך, פֿון די לוסט־װאַנדלס און יסורים־שפּאַן — פֿון די ראָמאַנטישע בולװאַרן, און ענגלישע — װינטערבלאָטעס...

און איבער אַלצדינג איז די טרומפּירנדיקע פּידקאָװע װערן װאַלד־שוך, און די בלישטשענדיק צעריבענע נעגל, װאָס װײַזן דעם װעג.